Steinberg
Die mutter

יעקב שטיינבערג.

# די מוטער.

## דראַמא

3 אַקטען.



ווארשא. תרס"ט.
דרוק י. עדעלשטיין, נאַלעווקי 38.



**Ди мутеръ.** Драма Я. Штейнберга.
ВАРШАВА 1908.
Тип. И. Эдельштейна, Налевки 38.

296.025
St 3m

# פערזאנען.

---

אידא, }
סאניא, } קורסיסטקעס, שוועסטערקינדער.

אבראשא. אַן׳אויסלענדערשער סטודענט.

סאשא. אַ רוסישער סטודענט.

מאדמואזעל רייכמאן.

א דיענסט מעדעל.

א דיענסט מיט א קינד.

צווישען ערשטען אַקט און צווייטען געהט אַוועק אַפּאָר טעג. צווישען צווייטען און דריטען — אָנדערט־האַלבען יאָהר.

די האַנדלונג קומט פֿאָר אין אַ גרויסער שטאָדט.



# ערשטער אקט.

א צימער פון רייכע קורסיסטקעס, אין וועלכען עס וואהנען צוזאמען אידא און סאניא. רעכטס און לינקס צוויי בעטען. ביים פענסטער, אקעגען די צוזעהער, א טיש, ארום איהם — שטולען. איבער ביידע בעטען הענגען אנזיכטס־קארטען. דאס צימער איז גרויס און שען, בעפוצט מיט א פאר קליינע קאלעכדיגע טישעלעך, מיט גראוויורען א. ד. ג. — רעכטס א טהיר.

אויפ׳ן טיש שטעהען א פאר פלאשען ביער, א פלאש ווין, ריינע גלעזער, עס ליעגט ווארסט, ברויט, פוטער, סארדינקעס א. ד. ג.

א ווינטער — פארנאכט. אין צימער איז טונקעל.

אַבּראַשאַ (שטעהט בײַ׳ם טִישׁ און צוּשטעלט דִי פְלעשער, דִי גלעזער און דאָס עסענוואַרג. ער זִינגט אונטער אַ מעלאָדיע, בּויגט זִיךְ אַ פּאָר מאָל צוּ צוּם פענסטער און קוּקט אַרוֹיס אִין דרוֹיסען, הוֹיבּט נאָכדעם אָן אַרוּמגעהן נערוועז אִיבּערין צִימער, דערהערט אַ קלאַפּ אִין טהִיר און בּלײַבּט שטעהן). — אַרײַן!

אידאַ (קוּמט אַרײַן, קוּקט נִישט אוֹיף אַבּראַשא׳ן, געהט און לאָזט זִיךְ אַראָבּ אוֹיף אַ בּײַנקעל בּײַם טִישׁ).

אַבּראַשאַ (געהט צוּ צוּ אִיהר). — אִידאַ!

אידאַ (רײַבּט דעם שטערען מִיט דער האַנד, נאָכדעם טהוּט זִי פּאַמעלִיךְ אוֹיס דאָס הִיטעלע און לעגט עס אַוועק אוֹיפ׳ן בּעט. ענטפערט גאָרנִישט).

אַבּראַשאַ, — אִידאַ׳ וואָס האָט זִי דִיר געזאָגט?

אידאַ (נעהמט אוֹיסטהוּן דעם סאַק). — זִי האָט מִיר געזאָגט, אַז אִיךְ וועל אִין אַכט חדשִים אַרוּם זײַן אַ מוּטער.

אַבּראַשאַ (בּוֹיגט זִיךְ אָן צוּ אִיהר און ווִיל זִי אַרוּמנעהמען). — געווִיס?

אידאַ (לאַכט שטִילערהײַט מִיט אַ מִיעדען געלעכטער, גִיט אַבּראַשא׳ן אַ לײַכטען קלאַפּ אוֹיף דער פּלײַצע). אַ שענער טאַטע!

אַבּראַשאַ (געהט אָבּ אַ פּאָר טרִיט פוּן אִידאַ׳ן, מִיט אַ שמײַכעל). — אִיךְ וועל זײַן אַ טאַטע ווִי אַלע טאַטעס. צוּ דרײַ און צוואַנצִיג יאָהר קאָן מען שוֹין ווִי ס׳אִיז אִיבּער טראָגען „טאַטעשאַפּט״.

18 Mo9 Stechert, 16
Je13 0968

אִידאַ. — אָבער צו איין און צוואַנציג יאָהר איז זעהר שווער צו זיין אַמוטער.

אַבראַשאַ (ווי ער בעט זיך). — אידאַ, דו ביזט ניט די ערשטע, מיר זענען נישט דאָס ערשטע פּאָרעל —— דעם גאַנצען חודש, אַז דו האָסט אַזוי געליטען, האָב איך דיר גאָרנישט געוואָלט זאָגען, מיך האָבען אָבגעהאַלטען צוויי זאַכען. ערשטענס האָב איך אַלץ ניט געגלויבט — .

אידאַ (מיט אַ לייכטער איראָניע). — גלויבסט אפשר איצט אויך נישט?

אַבראַשאַ. — אידאַ. דו רעדסט ווידער מיט מיר מיט אַזאַ טאָן! — (הויבט אָן אַרומגעהן איבערין צימער, אויפגערעגט).

אִידאַ (מיעד). — און וואָס איז געוועזן די צווייטע זאַך?

אַבראַשאַ. — די צווייטע זאַך —— מיך האָט געפּייניגט דער געדאַנק, וואָס דו האָסט געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ שרעקליכע זאַך. דערמאַהן זיך, ווי דו האָסט ערשט נעכטען געריסען די האָר פון׳ם קאָפּ. וואָס פאַר ווערטער דו האָסט גערעדט —— דו, וואָס נישט נאָר איך, נאָר אַפילו פרעמדע מענשען האָבען קיינמאָל נישט געהערט פון דיר קיין שלעכט וואָרט. איך וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז ס׳זאָל אויף דיר קאָנען עפּעס אַזוי ווירקען.

אִידאַ. — איך האָב געדאַרפט, הייסט עס, זיך סטאַרען אַלץ דערשטיקען אין זיך, אַבי דיר זאָל זיין גוט, אַבי דו זאָלסט פון גאָרנישט וויסען.

אַבראַשאַ (מיט אַנגסט). — נישט דאָס, נישט דאָס, אידאַ. מיך האָט געפּייניגט, וואָס דיר איז געוועזן אַזוי שווער איבערצוטראָגען די זאַך. דו האָסט דען מיך איצט ווייניגער ליעב ווי פריהער, אידאַ?

אִידאַ (ענטפערט איהם דורך אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ). — נו?

אַבראַשאַ. — דאָס, צוליעב וועלכען דו האָסט געדאַרפט אַזוי פיעל איבערטראָגען, איז געוועזן אונזער ליעבע. איך בין קיינמאָל נישט געוועזן קיין מעדעל, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז ווען אַ מעדעל האָט עמיצען שטאַרק ליעב און ס׳טרעפט זיך מיט איהר אַזא זאַך, איז אויב זי האָט נאָר שטאַרק ליעב ——

אִידאַ. — איז עס ביי איהר גלייך ווי גאָרנישט?

אַבראַשאַ. — ניין, ליידען ליידט זי אפשר אַסך, אָבער נישט אַזוי ווי דו.

א י ד אַ, — אַבּראַשאַ, דו רעדסט צו מיר איצט אַזוינע אידעלע זאַכען, וואָס איך קאָן זיי איצט נישט פערשטעהן. איך ווייס נאָר, אַז מיר איז איצט שווער, אַזוי שווער — —

אַ ב ר אַ ש אַ. — דו זאָגסט, אַז איך רעד צו דיר איצט אַזוינע אידעלע זאַכען, וואָס דו קאָנסט זיי איצט נישט פערשטעהן — — אידאַ, דו האָסט ערשט געזאָגט: „מיר איז שווער, זעהר שווער", — מיט אַזאַ טאָן, ווי עס וואָלט עס געזאָגט אַ מעדעל, וואָס ס'האָט זי עמיצער אָבגענאַרט — דו פערשטעהסט, אידאַ, ווי ס'איז מיר גרינג צו הערען דאָס פון דיר.

א י דאַ. — אַבּראַשאַ, איך בין אויך אָבגענאַרט —

אַ ב ר אַ ש אַ. — וואָס ווילסטו זאָגען דערמיט?

א י ד אַ. — נישט דו האָסט מיך אָבגענאַרט, דאָס לעבען האָט מיך אָבגענאַרט. (אין אַ ווײַלע אַרום). — פערשטעהסט, פון איצטער אָן וועל איך שוין נישט לעבען ווי א י ך וויל.

אַ ב ר אַ ש אַ (גיט אויף איהר אַ קוק און לאָזט זיך אַרומגעהן איבער'ן צימער; אין אַ ווײַלע אַרום שטעלט ער זיך אָב נעבען אידאַ'ן). — אידאַ, איך פערשטעה דיך נישט —

א י ד אַ (מיט אַ מידען קול). — אַנ'אַנדערס מאָל, אַבּראַשאַ.

(אין צימער איז שוין גאַנץ טונקעל, נאָר די העלפט צימער, וואו עס שטעהען די בעטען, איז בעלויכטען דורך דער שיין פון אַ גאַס־לאַמטערען, וואָס דרינגט אַריין דורכ'ן פענסטער, אידאַ און אַבּראַשאַ בלייבען די גאַנצע צייט בעלויכטען. אַבּראַשאַ דרעהט זיך אַרום).

אַ ב ר אַ ש אַ. — אָנצינדען דעם לאָמפּ? זיי וועלען שוין באַלד קומען:

א י ד אַ. — איך בין אַזוי צובראָכען, איך וועל דעם גערויש נישט אַריבערטראָגען, איך לעג זיך אַבּיסעל צו (זי שפּאַרט זיך אָן אויפ'ן בעט).

אַ ב ר אַ ש אַ (שפּאַרט זיך אָן אין טיש און קוקט אַרוים אין גאַס, אין צימער ווערט אַלץ טונקעלער. אידאַ שלאָפט באַלד איין, מען הערט זי רוהיג אָטהעמען. אין אַ ווײַלע אַרום געהט אַבּראַשאַ צו איהר צו, קוקט לאַנג אויף איהר און גיט זי אַ לייכטען גלעט איבער די האָר. מען קלאַפּ אָן אין טהיר).

אַ ד י ע נ ס ט מ ע ד ע ל (שטעקט אַריין דעם קאָפּ דורך דער טהיר). — אַ טעלעגראַמע פאַר סאָנע'ן.

אַבראַשאַ (נעהמט בײַ איהר צו די טעלעגראַמע און לעגט זי אַוועק אויפ'ן טיש).

דאָס דיענסטמעדעל. — אָנצינדען דעם לאָמפּ?

אַבראַשאַ. — ש־ש־ש! אידאַ שלאָפט. מען דאַרף נאָך נישט.

דאָס דינסטמעדעל (געהט שטיל אַרויס, גיט אָבער אַ קלאַפּ מיט דער טהיר).

אידאַ (חאַפּט זיך אויף פון קלאַפּ אין טהיר, הויבט אויף דעם קאָפּ פון דעם קישען, מיט אַנגסט). — אַבראַשאַ, טײַערער, וואו ביזטו, קום אַהער, מיר איז אַזוי שרעקליך.

אַבראַשאַ (בויגט זיך אָן צו איהר). — אידאַ, וואָס איז דיר?

אידאַ (חאַפּט איהם אָן בײַ דער האַנד). — אַ־אַ־אַ, אַבראַשאַ! נעהם מיך אַרום, טײַערער, מיר איז אַזוי שרעקליך.

אַבראַשאַ (זעצט זיך נעבען איהר אויפ'ן בעט) — וואָס איז דיר, טײַערע? זי מאַכט אַ בעוועגונג). — איך וועל אָנצינדען דעם לאָמפּ, וועסטו אויפהערען מורא האָבען. (אַז אידאַ לאָזט איהם נישט אָב. — ס'וועט נישט געדויערען, פויגעלע, אין איין סעקונדע צינד איך אָן דעם לאָמפּ.

אידאַ (ציהט איהם צוריק צו זיך). — מען דאַרף נישט איצט אַבראַשאַ, נאָכדעם, נאָכדעם. איצט געה נישט אַוועק פון מיר. לאָז אַביסעל איבערגעהן מײַן שרעק.

אַבראַשאַ (זעצט זיך צוריק אַוועק נעבען אידאַ'ן, גלעט איהר די האָר). — וואָס זשע איז דיר, אידאַ? דיר האָט זיך עפּעס געחלום'ט?

אידאָ (מיט שרעק). — מיר האָט זיך געחלום'ט אַ שרעקליכער חלום, באַלד ווי איך בין אײַנגעדרימעלט געוואָרען. פערשטעהסט, איך בין נאָר, מיר דאַכט זיך, נישט געשלאָפען, איך האָב די גאַנצע צײַט געפיהלט, אַז דו ביזט דאָ אין צימער.

אַבראַשאַ (גלעט איהר די האָר, ווייך). — וואָס זשע האָט זיך דיר געחלום'ט?

אידאַ (מיט אַנגסט). — דאָס איז גאָרנישט געווען קיין חלום, מיר האָט זיך אַלץ אַזוי לעבעדיג פאָרגעשטעלט. דו ווייסט, אַבראַשאַ, די לעצטע פּאָר וואָכען זענען די נערווען בײַ מיר אַזוי אָנגעשטרענגט, אַז ס'איז קיין חידוש נישט — — (בלײַבט אַ ווײַלע שווײַגען).

אַבראַשאַ. — נו?

אידאַ. — ס'האָט זיך מיר געחלום'ט, אַז איך ליעג

אונטער חלאָראָפאָרם און דער דאָקטאָר שטעהט איבער מיר מיט'ן מעסער, איך האָב חרטה, איך וויל אויפשטעהן, אָבשטופּען פון זיך דעם דאָקטאָר מיט'ן מעסער, כ'קאָן זיך אָבער נישט ריהרען. (מיט גרויסער אַנגסט). אַבּראַשאַ, טייערער, זאָלסט מיך נישט לאָזען, זאָלסט מיך קיינמאָל נישט לאָזען דאָס טהון. אפילו אַז איך וועל אַליין וועלען.

אַבּראַשאַ. — וואָס?

איִדאַ. — דו ווייסט נישט וואָס איך זאָג?

אַבּראַשאַ (בויגט זיך אָן נאָהענט צו איהר, רייבּט איהר די אויגען מיט זיין האַנד). דו בּיזט נאָך האַלב פערשלאָפען, אידאַ.

איִדאַ. — איך בין שוין נישט פערשלאָפען! (ליעגט אַ ווײַלע און ריהרט זיך נישט, פּלוצלינג גיט זי זיך אַ גערוועזשען דרעהע איבער'ן בעט). — און אפשר בין איך נאָך פערשלאָפען... (ווידער מיט אַנגסט). — נאָר זאָלסט ווימען וואָס פאַר אַ חלום דאָס איז געוועזען, וואָס פאַר אַ שרעקליכער חלום דאָס איז געוועזען!

אַבּראַשאַ (מיט אַ לייכטען פאָרוואורף, וויינ). — נו' גענוג. אידאַ, מוראָ צו האָבען. וואָס ס'איז אַ ס'חלום'ט זיך אַ חלום!

איִדאַ (מיט אַנגסט). — זאָלסט וויסען, זאָלסט וויסען!

אַבּראַשאַ. — אויף מיין וואָרט, אַז דו חדוש'ט מיך, אידאַ! דו בּישט דאָך נישט קיין נערוועזשע מעדעל, וואָס האָט מוראָ ביי נאַכט אַרויסגעהן אין הויף; געדענקסט, ווי דו פלעגסט קלעטערען אין וואַלד אויף די בּוימער גלייך מיט מיר, ווי דו פלעגסט מיט מיר אַרומגעהן גאַנצע נעכט אין וואַלד, ווי דו פלעגסט אַראָבּשפּרינגען פון די שטיינער אין וואַסער; כ'וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבּט, אַז אַ נאַרישער חלום זאָל אויף דיר אַזוי ווירקען.

איִדאַ (ווי צו זיך אַליין). — אַ נאַרישער חלום —

אַבּראַשאַ. — וואָס דען ס'איז נישט קיין נאַרישער חלום?

איִדאַ (טוליעט זיך צו איהם). — גענוג גענוג וועגען דעם —— זאָג מיר, אַבּראַשאַ, עפּעס אַ גוטע זאַך, ס'זאָל מיר מיט אַ מאָל ווערען גרינג אויפ'ן האַרצען. מאָהל מיר אויס ווי מיר וועלען לעבען.

אַבּראַשאַ (ציהט אויס די ווערטער, ווי מען דערצעהלט אַ קינד לעגענדעס, גלעט אידאַ'ן די האָר). — מיר וועלען חתונה האָבּען, און ניכען.

א ִי ד אַ . — און נאָכדעם ?

אַ בּ ר אַ ש אַ . — נאָכדעם — נאָכדעם וועלען מיר זיך דינגען אַ שענע קוואַטיר, וואו מיר מיט דיר וועט זיין אַזוי גוט, גו־ו־ט.

א ִי ד אַ . — און וואָס וועט נאָך זיין?

אַ בּ ר אַ ש אַ (מיט אַ תּאווה׳דיגען קול). — און איך וועל דיך ליעב האָבען און דו וועסט מיך ליעב האָבען, איך וועל דיך קושען און דו וועסט מיך קושען, קו־ו־שען. (גראָבּט איין דאָס געזיכט אין אידאַ׳ס ברוסט).

א ִי ד אַ (שטופּט איהם לייכט אָב פון זיך).

אַ בּ ר אַ ש אַ : (ווי פריהער). — ווילסט נישט? נאַרעלע, ס׳וועט אונז זיין אַזוי גוט. פערשטעהסט, איצט וועט אונז שוין נישט שטעהן אין וועג דער געדאַנק טאָמער — פערשטעהסט. — טאָמער ווערסטו אַ מוטער — — איך וועל זיין דיינער אין גאַנצען און דו מיינע —

א ִי ד אַ : — און וואָס וועט זיין נאָך ?

אַ בּ ר אַ ש אַ : — נאַרעלע, איצט וויל איך גאָרנישט טראַכטען, כ׳האָב דיך נאָר ליעב. (ער גיט זי אַ לאַנגען קוש).

א ִי ד אַ (שטופּט ווידער לייכט אָב פון זיך).

אַ בּ ר אַ ש אַ (מיט אַ לייכטען פערדראָס). — אידאַ!

א ִי ד אַ (נעהמט איהם אָן ביי דער האַנד, מיט פעררויסענע אויגען). — וואַרט !

אַ בּ ר אַ ש אַ ; — טראַכסט עפּעס, אידאַ?

א ִי ד אַ : — באַלד. (אין אַ ווײַלע אַרום). — אַבראַשאַ, האָסט מיך איצט שטאַרק ליעב?

אַ בּ ר אַ ש אַ : — שטאַרק.

א ִי ד אַ : — וועסט מיר זאָגען דעם אמת. אַז איך וועל דיך עפּעס פרעגען?

אַ בּ ר אַ ש אַ : — נו ?

א ִי ד אַ — אָט זאָגסטו, אַז דו האָסט מיך איצט שטאַרק ליעב. שטעל זיך פאָר, אַז דו בלײַבסט איינער אַליין מיט זיך אין אַזאַ צייט, אַ שטייגער, צווישען טאָג און נאַכט, און דו פערטראַכסט זיך. זאָג דעם אמת. אַבראַשאַ, ס׳קאָן זיין אַז ס׳זאָל זיך דיר אַמאָל טראַכטען, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט און דו וועסט מיך נישט ליעב האָבען?

אַ בּ ר אַ ש אַ : (נאָך אַ קורצען שטילשווייגען). כ׳טראַכט קיינמאָל נישט וועגען דעם, נאָר אַז דו האָסט מיך איצט

געפּרעגט, האָב איך אַ טראַכט געטהון, ס'קאָן זײַן, אַז איך זאָל אַװעקגעהן פֿון דיר. ס'קאָן זײַן, אַז אין אַ יאָהר אַרום, אין פֿינף. ס'קאָן זײַן. װײַסט פֿאַרװאָס? מײַן ליעבע צו דיר איז אַזױ שטאַרק, און אַזױנע ליעבעס האַקען זיך אַמאָל איבער אין מיטען.

אידאַ — נו, און דו זאָלסט זיך פלוצלינג דערװיסען, אַז מיט דיר האָט זיך עפּעס געטראָפען אַ זאַך, װאָס מאַכט דיך אױף עיביג אױס פריי, — װי װאָלסטו זיך געפיהלט?

אַבראַשאַ: — אָה, דאָס מײנסטו אַקעגען זיך! (סטאַרעט זיך לאַכען). — דו ביזט דאָך אָבער אַ מעדעל.

אידאַ (פערװאונדערט). — איז װאָס?

אַבראַשאַ: — אַ מעדעל טראַכט נישט װעגען אַזױנע זאַכען, אַז זי האָט ליעב. אַ מעדעל פערגעסט אַלץ, װײַסט פאַרװאָס? װען אַ מעדעל זאָל טראַכטען בשעת זי האָט ליעב װעגען דעם, אַז איהר געליעבטער קאָן איהר אױפהערען געפעלען, אַז זי קאָן איהם װעלען אַמאָל אַװעקװאַרפען, — װאָלט דאָך קײן איין מעדעל נישט געװאָלט האָבען קײן קינדער. דערפאַר האָט שוין גאָט אַיך אַזױ בעשאַפען.

אידאַ (נאָך אַ לאַנגען שטיל שװײַגען). — און איך טראַכט.

אַבראַשאַ (טרויעריג). — װײַל דו האָסט מיך נישט ליעב שטאַרק, אידאַ.

אידאַ (מיט אַנגסט). — ניין. איך װיל נור זײַן פרײַ.

אַבראַשאַ. — נאַרעלע, נאַרעלע — — (גלעט איהר די האָר).

(א פויזע.)

אידאַ (מיט אַ מיעדען קול). — דערצעהל נאָך

אַבראַשאַ. — װעגען װאָס?

אידאַ. — װי מיר װעלען לעבען?

אַבראַשאַ. — דו װעסט איצט שרײַבען אַ בריעף אַ היים, אַז — פערשטעהסט — — מיר װעלען חתונה האָבען, געלד װעלען מיר האָבען גענוג, נאָך דער חתונה װעלען מיר זיך ערגעץ בעזעצען — אין אױסלאַנד רעכען איך. אין אַ שען אָרט.

אידאַ. — און װאָס װעלען מיר דאָרט טהון?

אַבראַשאַ. — דו ביזט אַזױ שען —

אידאַ. — און דאָס איז פאַר דיר גענוג?

אַבראַשאַ. — אַ שענע פרױ איז אַ גאַנצער אוצר אױף דער װעלט.

אידאַ. — און פאַר מיר װאָס װעט זײַן?

אַבראַשאַ. — איך האָב אַ רײַכע נשמה אמת, — דו זאָגסט דאָך אַלײן? לאַנגװײַליג װעט אונז ניִשט זײַן.

אידאַ. — װי לאַנג װעט עס געדױערען?

אַבראַשאַ. — װיפיעל ס'װעט געדױערען — און נאָכדעם —

אידאַ. — אַז ס'װעט װערען לאַנגװײַליג?

אַבראַשאַ. — דאַמאָלס װעלען מיר קומען צוריק.

אידאַ. — און דאַמאָלס װעלען מיר אַ לעב טהון דאַמאָלס װעסטו װערען צוריק אַזאַ לעבּדיגער, מיט אַזאַ רײַכער נשמה, װי פאַר אַ יאָהרען און פאַר צװײ יאָהרען, בשעת דו האָסט מיר געװאָלט געפעלען?

אַבראַשאַ. — צוליעב דיר, צוליעב דיר, אידאַ.

אידאַ. — (מיט אַנגסט) — אַז דו װעסט זײַן אַזױ װי אַמאָל, װעט דאָס שױן ניִשט זײַן צוליעב מיר, װײַל דו װעסט מיר װעלען געפעלען, חאָטש איך װעל ערשט אַלט זײַן דאַמאָלס דרײַ און צװאַנציג יאָהר.

אַבראַשאַ. — װאָס רעדסטו נאַרישקײַטען, אידאַ —

אידאַ (װי פריהער). — דו זאָגסטו איצט אַזױ, אַז דו װעסט מיר נאָך דאַמאָלס װעלען געפעלען. נאָר כ'װעל דיך פרעגען אײן זאַך —

אַבראַשאַ. — װאָס?

אידאַ. — װי װעל איך דאַמאָלס אױסזעהן?

אַבראַשאַ. — דו װעסט נאָך אפשר דאַמאָלס זײַן שענער װי איצט.

אידאַ. — איך מײן ניִשט אױפ'ן געזיכט; איך מײן, װאָס װעט װערען פון מיר װי אַ מענש? דו רעכענסט דאָך מיך אױך פאַר אַ מענשען, חאָטש איך בין אַ פרױ?

אַבראַשאַ. — נו?

אידאַ. — נײַן חדשים װעל איך טראָגען דאָס קינד, און דו װעסט די גאַנצע צײַט קוקען אױף מיר מיט אַ רחמנות'דיגען קוק און װעסט זיך אין מיר אפשר ניִשט װעלען אָנריהרען אַפילו, דו דער פרײַער און דער יונגער. די נײַן חדשים װעל איך דאַרפען איבערטראָגען אָהן אַ שיעור לײַדען. איך װעל בעקומען קראַנקע נערװען װי מײַנסטו, איך װעל דאַמאָלס אַרומגעהן מיט דיר גאַנצע נעכט אין װאַלד און דראַפּען זיך אױף די בײמער און שפּרינגען אין טײַך אַרײַן פון די שטײנער, װי פאַר אַ יאָהרען?

אַבראַשאַ. — אָבער ס'איז דאָך שוין אַ פֿערפֿאַלענע זאַך —

אידאַ. — אַ פֿערפֿאַלענע זאַך! (העכער) . — אָבער די זאַך וועט מיר קאָסטען מײַן לעבען.

אַבראַשאַ. — וואָס רעדסטו, אידאַ!

אידאַ, — מײַן יוגענד וועט עס מיר אודאי קאָסטען. וויפֿיעל יאָהר איז מען יונג, וויפֿיעל יאָהר פֿיהלט מען, אַז מען איז יונג? צעהן יאָהר, אַבראַשאַ, און אפשר נאָך ווענינער. און פֿון דעם ביסעל יונגע יאָהרען וועל איך דרײַ יאָהר פֿערברײַנגען אין שלאָף־צימער, און נאָכדעם, — קאָנסט מיר זאָגען ווי איך וועל נאָכדעם אויס זעהן?

אַבראַשאַ. — דו וועסט אין גאַנצען אַלט זײַן דאַמאָלס דרײַ און צוואַנציג יאָהר.

אידאַ. — דאָס ווייס איך, אָבער זאָג מיר, צו וועל איך דאַמאָלס וועלען לעבען, אויב איך וועל שוין יאָ קאָנען לעבען, אויב איך וועל נישט זײַן קראַנק און נערוועז, ווי עס טרעפֿט זיך אַזוי אָפֿט מיט יונגע מוטערס?

אַבראַשאַ. — אָבער ס'איז דאָך שוין אַ פֿערפֿאַלענע זאַך —

אידאַ. — ס'איז נאָך נישט קיין פֿערפֿאַלענע זאַך (גיך). — איך ווייס אַ דאָקטאָר וואָס וועט מיר מאַכען אַנ'אָפּעראַציע.

אַבראַשאַ (שפּרינגט אויף). — וואָס, אידאַ!

אידאַ (וויינט). — אַנדערש קאָן נישט זײַן —

אַבראַשאַ (געהט אַרום מיט גיכע טריט איבער'ן צימער). — קיינמאָל וועסטו אַזאַ זאַך נישט טהון —

אידאַ. — אַבראַשאַ. עס קאָן אַנדערש נישט זײַן, איך וויל לעבען.

אַבראַשאַ (בלײַבט שטעהן פֿערטראַכט אין מיטען צימער, נאָכדעם נעהמט ער אָנטהון דעם מאַנטעל).

אידאַ (פֿערוואונדערט). — וואוהין ווילסטו דאָס געהן?

אַבראַשאַ. — איך קען דאָך דיך, אַז דו נעהמסט זיך עפּעס אַרײַן אין קאָפּ — איך וויל געהן געבען אַ טעלעגראַמע דײַן טאַטען, ער זאָל מאָרגען קומען.

אידאַ (געהט אַראָב פֿונ'ם בעט און בלײַבט שטעהן נעבען אַבראַשאַ'ן. בײַדע זענען בעלויכטען). — אַבראַשאַ, לעג אַוועק דעם מאַנטעל. גיסטו אַ טעלעגראַמע אַ היים, קאָן עס דיך קאָסטען מײַן לעבען. ביז מאָרגען טרינק איך אויס — ס'פֿאַרהאַן אַזאַ זאַך פֿאַר פֿינף קאָפּיקעס — כּדי פּטור צו ווערען — —

אַבראַשאַ (וואַרפֿט אויפֿגערעגט אַוועק דעם מאַנטעל הויבט אָן אַרומגעהן איבער'ן צימער, געהט נאָכדעם צו צו אידאַ'ן, וויינענדיג) — אידאַ, מיין טייערע, מיין לעבען, גיב אַליין אַ טראַכט, ס'איז דען אַזאַ שרעקליכע זאַך — איך פֿערשטעה אויך, אַז דו וואָלסט עס בעסער נישט געוואָלט, אָבער ס'איז נישט אַזוי שרעקליך, ווי ס'ווייזט זיך דיר אוים — —

אידאַ. — ס'איז שרעקליך, אַבראַשאַ. איך וויל נישט זיין קיין מוטער דיין קינד, איך וויל דיר נישט זיין קיין פֿרוי, איך וויל זיין דיין געליעבטע.

מען קלאַפּט אין טהיר.

סאַשאַ (קומט אַריין צוזאַמען מיט סאָניאַ'ן, גיט אַ קוק אויף אידאַ'ן און אויף אַבראַשאַ'ן, וואָס געהט אַרום אויפֿגערעגט איבער'ן צימער). — אָט האָסטו דיר! דער שלום צושטערט געוואָרען?

אידאַ (שמייכעלט). — אַזוי זיך.

אַבראַשאַ. — סאָניאַ, אַ טעלעגראַמע פֿאַר אייך.

סאָניאַ (לויפֿט צו צום טיש). — וואו איז? (צו סאַשאַ'ן). — צינד גיכער אָן אַ שוועבעלע, צינד אָן דעם לאָמפּ, שדים, זיצען ביז האַלבע נאַכט אין דער פֿינסטער.

אַבראַשאַ (גיט איהר די טעלעגראַמע).

סאַשאַ (צינדט אָן דעם לאָמפּ).

סאָניאַ (לייענט גיך איבער די טעלעגראַמע, גיט זי איבער סאַשאַ'ן, פּאַטשט מיט די הענד, צו אידאַ'ן). — אידאַ, טייערע, מען טעלעגראַפֿירט מיר פֿון דער היים, מיר זאָלען ביידע קומען!

אידאַ. — מיט סאַשאַ'ן?

סאָניאַ. — יאָ, יאָ, אידאַ. אָבער מיר וועלען נישט פֿאָהרען, מיר וועלען פֿריהער אָנשרייבען אַ בריעף, און אַז מיר וועלען בעקומען ענטפֿער, וועלען מיר דאַמאָלס פֿאָהרען — —

סאַשאַ. — ששש! לאָמיר וואַרטען ביז דער סעודה.

סאָניאַ. — טאָ לאָמיר עס מאַכען גיך, כ'וויל שוין גיכער דערציילען אידאַ'ן.

סאַשאַ. — נו — האַ — טייערע! (מאַכט מיט די ליפּען, ווי ער וויל זי געבען אַ קוש).

סאָניאַ (שפּרינגט אָב). — שפּעטער, שפּעטער, נאַ נעהם עפֿען אַ פֿלאַש. (צו אידאַ'ן). באַלד וועלען מיר אייך דערצעהלען, פֿאַרוואָס מיר האָבען געמאַכט די סעודה.

אידאַ. — מיר שטויסען זיך שוין אַליין אָן. איהר.

ס אָ נ י אַ. — שְׁשְׁשְׁ! (ווײַזט אויף סאַשאַ'ן). — לאָז עֶר אַלײַן דערצעהלען.

ס אַ ש אַ (גיעסט אָן פּיער גלעזלעך ווײַן). — נעהמט! איך וועל טרינקען דער ערשטער. (הויבט אויף זײַן גלעזעל). — איהר ווילט וויסען, פֿאַר וואָס מיר האָבען געמאַכט די סעודה?.. שאַ, דאָ איז קיינער נישט געווען?..

ס אָ נ י אַ. — פֿע, עס טויג שוין נישט!

ס אַ ש אַ, — נו, לאָז, סאָניאַ, איך וועל שוין רעדען. (אַ קורצע פּויזע, גיך) הכלל, ווייסט, אַז אין דרײַ וואָכען אַרום איז בײַ אונז די חתונה! פֿרעגט נישט, וואָס איז אַזוי גיך, — הכלל איך טרינק פֿאַר אונזער גליק, פֿאַר מײַן גליק און סאָניאַ'ס!

אִ י ד אַ (נעהמט מיט אַ שמייכעל אַ גלעזעל ווײַן. אַלע צו־קלאַפּען זיך מיט די גלעזלעך).

ס אַ ש אַ (צו סאָניאַ'ן). — נו, ווי ס'איז אָבגעזאָגט? אַבי מען ווייסט. איצט לאָמיר זיך צו קושען. (צו קושט זיך מיט סאָניאַ'ן).

אַ ב ר אַ ש אַ (נעהמט פּאַמעליך זײַן גלעזעל, צו אידאַ'ן). — איצט זאָל איך טרינקען פֿאַר אונזער גליק?

אִ י ד אַ. — קאָנסט נאָך וואַרטען אַביסעל, מיר האָבען נאָך אין דרײַ וואָכען אַרום נישט חתונה.

אַ ב ר אַ ש אַ. — איך וועל פֿאָרט טרינקען (ער האַלט אַ ווײַלע שטילערהייט דאָס גלעזעל ווײַן און קוקט אויף אידאַ'ן). — איך טרינק פֿאַר'ן גליק פֿון איינער מײַנער אַ בעקאַנטער. זי איז אַלט איין און צוואַנציג יאָהר, און איז שען, ווי איהר, סאָניאַ, אָדער ווי דו אידאַ. זי האָט ליעב איינעם אַ יונגען מאַן, זי האָט איהם שטאַרק ליעב, נאָר ס'האָט זיך איהר געטראָפֿען אַן'אומגליק: זי דאַרף אין אַכט חדשים אַרום ווערען אַ מוטער. זי וויל אָבער קיין מוטער נישט ווערען —

ס אָ נ י אַ (קוקט זיך איבער מיט סאַשאַ'ן. רוקט זיך צו צו איהר.

אִ י ד אַ. — נו, נו, ווײַטער, אַ שענע מעשה.

אַ ב ר אַ ש אַ (קוקט אויף אידאַ'ן). — זי וויל נישט ווערען קיין מוטער, און דערפֿאַר וויל זי זיך מאַכען אַן'אָפּעראַציע בײַ אַ דאָקטאָר, כדי זי זאָל פּטור ווערען פֿון דעם און נישט דאַרפֿען ווערען קיין מוטער.

ס אָ נ י אַ (צו אַבראַשאַ'ן). — וואָס עפּעס אין מיטען דרינען?

אַבּראַשאַ (הויבּט אויף פּאַמעליך דאָס גלעזעל צו די ליפּען). — איך טרינק פאַר'ן גליק פון דער נייער מוטער.

אידאַ (געהט צו צום טיש און שטעלט זיך נעבען אַבּראַשאַ'ן). — איך טרינק אויך פּאַר איהר גליק.

אַבּראַשאַ (גיט אַ גיכען קוק אויף אידאַ'ן, דרעהט זיך אוים צו סאָניאַ'ן און סאַשאַ'ן, וויזט מיט דער האַנד אויף אידאַ'ן קאַלט). — דאָס שענע מעדעל, וואָס איך האָב געטרונקען פאַר איהר גליק — איז אידאַ.

אידאַ (גיט אַ שפּרונג אָב פון'ם טיש, גלאַנצט אוים די אויגען אויף אַבּראַשאַ'ן, נאָכדעם דעקט זי צו דאָס געזיכט מיט די הענד און פאַלט אום אויפ'ן בעט).

פאַרהאַנג.

---

# צווייטער אקט.

(דער זעלבער צימער וואס אין ערשטען אקט. אידא און סאניא זיצען ביידע ביים טיש. סאניא לייענט פון א בוך ארוים, אידא, אנגעלעהנט די קאפ אויף דער האנד, הערט זיך איין.

אידאַ (שלאָגט איבער סאָניאַ'ס לעזען). — דו האָסט שוין געשריבען אַ היים?

סאָניאַ. — וועגען וואָס? וועגען? — —

אידאַ. — יאָ?

סאָניאַ. — דו ווייסט, איך האָב גאָר פערשפּאָרט שרייבען. אַז איך בין מיט אַ מאָנאַט צוריק געווען אין דער היים, — אויף פסח, — האָט מיר דער טאַטע אַליין אָנגעדולט אַ קאָפּ, אַז איך זאָל וואָס גיכער חתונה האָבען.

אידאַ. — דער טאַטע אַליין? וואָס האָט ער קיין צייט נישט? (מיט אַ שמייכעל). — ער האָט דיך אין עפּעס חושד געווען?.. האָסט שוין דען דאַמאָלס געקאָנט מורא האָבען?.. שעם זיך נישט...

סאָניאַ (אַ ביסעל פערשעמט). — ניין — — נאָר דער טאַטע האָט מיט מיר וועגען קיין אַנדער זאַך נישט גערעדט ווי וועגען

שטעלען אַ חופּה, און האָט אַנדערש נישט געוואָלט, אַז נאָר דעם פּוּפּצעהנטען מאַי זאָל זיין די חופּה. (לאַכט אויף אַ קול). — ער האָט מסתמא מורא געהאַט!

איִדאַ. — האָסט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט אַ גאַנץ פּסח זיך געוויינט, האָט דיין טאַטע געקאָנט מיינען — —

סאָניאַ (לעבעדיג). — כ'האָב אַליין אויך נישט געוואוסט, וואָס איך וויין. אַ ביסעל האָב איך געביינקט נאָך סאַשאַ'ן, און וויטער ווייס איך אויך נישט, וואָס איך האָב אַזוי פיעל געוויינט! ס'איז מיר מסתם צו גוט געווען!

איִדאַ. — מסתם האָט שוין דיין האַרץ געפיהלט, וואָס ס'וועט זיין אין אַ מאָנאַט אַרום, — דערפאַר האָסטו געוויינט.

סאָניאַ (לאַכט). — ס'איז דאָ וואָס צו וויינען! (זי הויבט אָן צוקעמען די האָר, וואָס צופאַלען זיך איהר איבער די אַקסלען).

איִדאַ (קוקט זיך איין אין סאָניא'ס געזיכט). — ס'איז שוין גאָרנישט דאָ וואָס צו וויינען אויף דעם?

סאָניאַ. — וואָס איז דאָ וואָס צו וויינען? ס'האָט מיר שוין סיי ווי סיי דערעסען וואָהנען בעזונדער. אַז נישט איצט, וואָלט עס געווען נאָך דער חתונה. סיי ווי סיי.

איִדאַ (פערטראַכט). — אַזוי — סיי ווי סיי —

סאָניאַ (מיט אַ געלעכטער). — ווי דען האָסטו געמיינט, ווי קאָן זיין אַנדערש?

איִדאַ (ווערט רויט, האַלב ערנסט). — מעגסט לאַכען. מיר האָט אַבראַשאַ אַמאָל געזאָגט, — פאַר אַ יאָהרען, — אַז מיר וועלען חתונה האָבען, כדי מיר זאָלען שטענדיג קאָנען זיין אין איינעם, אָבער — פערשטעהסט? ס'זאָל אַוועק געהן אַזוי אַפּאָר יאָהר, אַלע זאָלען מיינען, אַז מיר זענען מאַן און ווייב, אין אמת'ן — —

סאָניאַ (שטעלט אויף איהר אויס אַ פּאָר אויגען). — כדי ס'זאָל נישט זיין קיין קינד?

איִדאַ. — יאָ.

סאָניאַ (שטעהט אויף, די האָר זענען ביי איהר צולאָזט). — זאָג מיר נאָר, דו פרומע זאַך איינע —

איִדאַ (לאַכט). — אוי, בין איך אַ פרומע זאַך!

סאָניאַ. — כ'ווייס, דערפאַר פרעג איך דיך טאַקע: וואָס פאַר אַ מענש געפעלט דיר בעסער: צי אַ קאַלטער, וואָס קאָן אַלץ אויסרעכענען, — נו, אַ שטיינער, ווי אַננאַ די שוועסטער מיינע.

וואָס האָט זיך פֿיער יאָהר אײַנגעהאַלטען — (ציהט אויס די ווערטער).

— אַ — אײַנגעהאַלטען! וואָס איז, זי האָט אַנדערש נישט געוואָלט חתונה האָבען, סײַדען דער חתן איהרער וועט ענדיגען! דיר געפֿעלט עפּעס אַזאַ נפש?

אידאַ. — פֿון אַזוינע רעדט מען נישט.

סאָניאַ. — טאָ רעד זשע נישט קיין נאַרישקײַטען! — כ'האָב ליעב אַ מעדעל, — זי מעג זײַן אַלט אַכצעהן יאָהר, צוי דרײַ און צוואַנציג יאָהר. — אַז זי טראַכט גאָרנישט בשעת זי פֿערליעבט זיך. וואָס דען הייסט ליעבע? די נשמה מיט'ן קערפּער אָבגעבען דעם וואָס דו האָסט ליעב.

אידאַ (שמייכעלט). — אַז מען זאָל אויסמעסטען מײַן בלוט, וועט עס אפשר זײַן אַזוי הייס ווי דײַנס... ווי רעכענסט דו?..

סאָניאַ (דרעהט זיך איבער'ן צימער און וואַרפֿט די צו־לאָזטע האָר אַהין און אַהער). — כ'ווייס, כ'ווייס, כ'ווייס! וואָס זשע ווילסטו? ווילסט, אַז אַבראַשאַ זאָל זײַן דײַנער און דו זאָלסט זײַן דײַנע? ווילסט?

אידאַ (שטעלט זיך אויף, פֿערגעסט זיך און ווערט ערנסט) — כ'וויל.

סאָניאַ (שטילער). — און אַ קינד ווילסטו?

אידאַ (ווי פֿריהער). — ניין.

סאָניאַ (מיט אַ געלעכטער). — ווי זשע קען דאָס זײַן?

אידאַ (ווי פֿריהער). — כ'ווייס נישט.

סאָניאַ. — טאָ געה פֿרעג, אויב דו ווייסט נישט.

אידאַ (אָהן ערנסטקייט). — בײַ וועמען?

סאָניאַ (פֿרעהליך, דרעהט זיך איבער'ן צימער. — פֿרעג בײַ וועמען דו ווילסט, פֿרעג בײַ גאָט — (מיט אַ שטאַרקען געלעכטער). — ווי קען מען ליעב האָבען שטאַרק, שטאַרק שטאַרק, און פֿון דעסטוועגען בלײַבען פֿרײַ!

אידאַ. — אַדאָס פֿרעג איך טאַקע: פֿאַרוואָס קומט די מענער זיי זאָלען שטענדיג בלײַבען פֿרײַ? זיי מעגען ליעב האָבען ווי שטאַרק זיי ווילען —

סאָניאַ. — ווײַל זיי זענען מענער!

אידאַ. — און פֿאַרוואָס קומט דאָס אונז, אַז מיר זאָלען נור איין מאָנאַט, אַ האַלב יאָהר, העכסטענס אַ יאָהר, ליעב האָבען און זײַן פֿרײַ?

סאָניאַ. — ווײַל מיר זענען פֿרויען!

אִידאַ (ווערט צוריק ערנסט). — אַזוי — —

סאָניאַ. — ווילסט אֶפְּשר נישט זיין קיין פרוי?

אִידאַ. — שאַ, שאַ, וואָס לאַכסטו? איך בין מקנא די מענער.

סאָניאַ. — נאַרעלע, ס'איז דאָך שוין אָבער פערפאַלען!

אִידאַ. — אָבער פון דעסטוועגען וויל איך פאָרט זיין פריי! ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגען! זעהסטו אין גאַס געהן אַ פּאָרעל פון צוויי פערליבּטע, איז אויב זיי געהען ביידע גלייך, ביידע שלאַנק, ביידע זעהען אויס פריע און גליקליכע, טאָ ווייס: דאָס געהט נישט קיין מוטער. אַ מוטער, אַפילו פון איין קינד, זעהט קיינמאָל נישט אויס אַזוי פריי און גליקליך, ווי דער פאָטער פון'ם קינד.

סאָניאַ (ווערט פלוצלינג פערטראַכט, לאַנגזאַם). — ס'איז אֶמת, אָבער — —

אִידאַ. — וואָס אָבער?

סאָניאַ (גיט אַ שאָקעל מיט די האָר, הויך). — וואָס דער־צעהלסטו מיר מעשות! אַז אַ פאָטער איז אַ פאָטער, און אַ מוטער דאַרף בלייבען אַ מוטער!

אִידאַ (שטיל). — דאָס ווייס איך אויך — —

סאָניאַ (ווידער פרעהליך). — אַז דו ווייסט, וואָס זשע רעדסטו נאַרישקייטען.

אִידאַ (אָהן ערענסטקייט). — גוטע נאַרישקייטען.

סאָניאַ. — שאַ. זאָג מיר, ס'איז געווען אַנ'אֶמת, וואָס אַבּראַשאַ האָט געזאָגט?

אִידאַ. — דו מיינסט דאַמאָלס, בשעת ער האָט געהאַלטען דעם טאָסט?

סאָניאַ. — יאָ.

אִידאַ (ענטפערט נישט באַלד). — ווי רעכענסט דו, ס'איז געווען אַנ'אֶמת?

סאָניאַ. — איך פרעג דאָך דיך. כ'ווייס, אויף דיר איז אַלין צו גלויבען. איך, איך זאָל עס אַפילו וועלען טהון, וואָלט איך דאָס אויך נישט געטהון. נאָר אויף דיר וואָלט איך געגלויבט.

אִידאַ (קוקט סאָניאַ'ן אין די אויגען און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ).

סאָניאַ. — יאָ, וואָלסט דאָס געווען געטהון וואָלסט געווען איינגעשטעלט דאָס לעבען.

אִ י ד אַ . — יאָ .

ס אָ נ י אַ . — וואָלסט געטהון אַזאַ זאַך, ס׳איז דאָך אַזוי שרעקליך אין מיאוס .

אִ י ד אַ . — יאָ .

ס אָ נ י אַ (מיט אַנ׳אויסדרוק פון אַנגסט אויפ׳ן געזיכט) . — אָבער צוליעב וואָס, צוליעב וואָס ?

אִ י ד אַ . — ווייל איך האָב געוואָלט בלייבען פריי, כ׳האָב געוואָלט לעבען .

ס אָ נ י אַ . — און וואָס וועסטו אַזוי נישט זיין פריי ? איך פערשטעה נאָך : איין יאָהר, אָבער נאָכדעם וועסטו פריי ווי פריהער .

אִ י ד אַ (מיט אַ שמייכעל) . — ביזט נאָך אַ קינד . איין יאָהר זאָגסטו ?

ס אָ נ יאַ . — אַודאי איין יאָהר ! (בויגט זיך אָן צו אידאַ׳ן, מיט אַ שעלמיש געלעכטער) . — דעם קליינינקען וועל איך לאָזען ביי דער מאַמען ! דו קאָנסט אויך אַזוי טהון . דיר איז נאָך בעסער פון מיר : ביי אונז אין דער היים זענען דאָ קינדער, און ביי דיינע וועט דאָס אייניקעל זיין אַ גאַנצע מתנה . זיי זענען דאָך איינע אַליין .

אִ י ד אַ . — ביזט נישט קיין קינד, כ׳הערט דיך . אַז מיר רעדען שוין יאָ, לאָמיר זיך אויס רעדען, זעץ דיך נאָר אַניעדער . (זיי ציהט סאָניאַ׳ן ביי דער האַנד און זיי זעצען זיך ביידע אַוועק צוריק בייםטיש) . — העך זשע זיך איין .

ס אָ נ י אַ . — נאָר וואַרף אויף מיר נישט אַרויף קיין אֵימה .

אִ י ד אַ . — זאָל מיך גאָט אָבהיטען . איך וועל דיר נאָר ווייזען די זאַך ווי ס׳איז . (ווערט פלוצלינג ערנסט, שטילער) . — נאַרעלע, פריהער איידער — פערשטעהסט — האָב איך אויך אַסך נישט פערשטאַנען . איצט פון זינד — לאָמיר רעדען אָפען — פון זינד איך האָב אָנגעהויבען פיהלען, אַז איך דאַרף ווערען אַ מוטער, האָב איך אָנגעהויבען פיהלען אַסך אַנדערע זאַכען אויך . דו זאָגסט אַ שטייגער אַז איין יאָהר וועט עס ביי אונז צונעהמען . דו מיינסט : מען ווערט אַ מוטער, ס׳געהט אַוועק אַ מאָנאַט, צוויי, און ווי באַלד דו פיהלסט זיך ווידער געזונד און פריש, נעמסטו אין פאָהרסט דיר אַוועק און דאָס קינד לאָזטו איבער . — דו ביי דיינע עלטערען און איך ביי מיינע ? יאָ, אַזוי מיינסטו ?

ס אָ נ י אַ . — אונזערע קליינינקע וועט ביי אונזערע עלטערען זיין בעסער ווי ביי אונז . מענסט זיין זיכער .

אִ י ד אַ . — דאָס ביזטו גערעכט . נאַרעלע, דו פרעגסט אָבער

אײַן זאַך. האָט האָב איך נאָר ליעב האָבען געוואָלט און נאָר האָבען פערגניגען, און קײן מוטער האָב איך נישט געוואָלט װערען, פון דעסטװעגען װער איך אַ מוטער. איז מיר נאָך קאַרג, בעקום איך נאָך אַ חוץ דעם געפיהלען פון אַ מוטער, װאָס איך דאַרף זײ נישט, װאָס איך װיל זײ נישט.

סאָניאַ. — װאָס װעלען דיר קאַליע מאַכען די געפיהלען פון אַ מוטער?

אידאַ. — דו פרעגסט. װאָס זײ װעלען מיר קאַליע מאַכען, זאָל איך, אַ שטײגער די געפיהלען נישט האָבען, לאָז איך דעם קלײנינקען, װי דו זאָגסט, ערגעץ איבער, און פאָהר מיר אַװעק און בין װידער פרײַ. ס׳װעט אָבער נישט זײַן אַזױ. װי איך װער אַ מוטער, בעקום איך אַ נײַ האַרץ, אַ נײַע נשמה. איצט איז מײַן האַרץ װײך װי אַ האַרץ פון אַ פרױ, ס׳קאָן אָבער צײַטענװײַז זײַן פעסט און שטאַרק; שפעטער װעט מײַן האַרץ אָנװערען דאָס ביסעל פעסטקײַט, װאָס ס׳האָט געהאַט: כ׳װעל בעקומען אַ האַרץ פון אַ מוטער, אַז איך װעל זײַן דאָ, און מײַן קינד װעט זײַן ערגעץ אַנדערש, װעל איך זיך אַלע נאַכט אױפכאַפּען און זיך צו־װײנען. װאָס איז? איך װעל בענקען נאָכ׳ן קינד. לאַנגע מאָנאַטען האָב איך געקאָנט זײַן אָהן אַבראַשאַ׳ן, װאָס איך האָב איהם אַזױ ליעב; אָבער אָהן דעם קינד, װאָס איך װיל עס נישט, װאָס איך דאַרף עס נישט, װעל איך נישט קאָנען זײַן.

סאָניאַ (שפאַרט אָן די קאָפּ אױף די הענד, זיצט מיט פערמאַכטע אױגען). — װאָס זשע קאָן מען טהון?

אידאַ. — כ׳װײס נישט.

סאָניאַ. — איך רעכען, אַז קײנמאָל נישט. פערשטעהסט, די מענער זענען גערעכט, װען זײ זאָגען, אַז מיר זענען ניעדעריגערע מענשען פון זײ: די נאַטור אַלײן האָט אױף אונז אַרױפגעװאָרפען דעם גאַנצען, יאָך פונ׳ם לעבען. אידאַ און איך האָב נישט געװאָלט זײַן ניעדעריגער פון אַבראַשאַ׳ן.

סאָניאַ. — און דו װאָלסט געװען געטהון יענץ, חאָטש דו האָסט אַזױ ליעב אַבראַשאַ׳ן? דו װײסט װי זײ קוקען אױף אַ פרױ װאָס טהוט אַזאַ זאַך?

אידאַ (בלײַבט אײן מאָמענט פערטראַכט, נאָכדעם נעהמט זי פאַמעליך אַראָב סאָניאַ׳ס הענד, װאָס פערדעקען איהר, סאָניאַ׳ן, דאָס געזיכט, און ציהט זי צו צו זיך). איך װאָלט עס געװען געטהאָ

ווײַל אִיךְ האָב אַזוֹי לִיעבּ אַבּראַשאַ'ן. עֶר האָט גֶעמֶעגט קוּקֶען אוֹיף דֶעם ווִי עֶר וואָלט גֶעוואָלט.

ס אָ נ י אַ (שפּרִינגט פּלוּצלִינג אוֹיף, לאַבּענדִיג). — ס'וועט בּײַ דִיר אוֹיךְ אִיבּערגֶעהן. ס'אִיז גאָרנִישט אַזוֹי ווִי דוּ זאָגסט, מִיר האָט זִיךְ דאָס קֵיינמאָל נִישט אוֹיסגֶעווִיזֶען אַזוֹי שרעקלִיךְ, ווִי דוּ מֵיינסט כ'פֶערשטעה, האָבּען אַ גאַנצע חאָליאַסטרע קִינדער, — פֿוּי! אָבּער אֵיין קִינד — — ס'אִיז גאָרנִישט אַזוֹי שלעכט. (דעקט צוּ דאָס געזִיכט מִיט דִי הענד און טאַנצט אַרוּם שנעל אִיבּער'ן צִימער ווִי פֶערשעמט נאָכדעם לוֹיפט זִי צוּ צוּ אִידאַ'ן, חאַפּט זִי אָן בּײַ דער האַנד און שטעלט אִידאַ'ן אוֹיף מִיט גוואַלד). — נוּ, גענוּג, גענוּג, כ'וועל דערצעהלען סאַשאַ'ן, צוּ וואָס דוּ רעדסט מִיךְ צוּ! לאָמִיר בּעסער רעדען פֿוּן פֿרעהלִיכערע זאַכען!

אִ י ד אַ. — פֿוּן וואָס, אַ שטײַגער?

ס אָ נ י אַ. — דוּ האָסט שוֹין געשרִיבּען אַהײם?

אִ י ד אַ. — שוֹין געשרִיבּען.

ס אָ נ י אַ. — נוּ, האָסט שוֹין בּעקוּמען אַנ'ענטפֿער?

אִ י ד אַ. — נאָךְ נִישט.

ס אָ נ י אַ. — דער טאַטע דײַנער קאָן אַמאָל נִישט וועלען אוֹיךְ, אַז אִיהר זאָלט בּאַלד חתונה האָבּען? ער אִיז, מִיר דאַכט זִיךְ, נִישט אַזוֹי צוּפֿרִיעדען מִיט אַבּראַשאַ'ן.

אִ י ד אַ. — ס'קאָן זײַן.

ס אָ נ י אַ. — וואָס זשע וועסטוּ טהוּן?

אִ י ד אַ. — וועלען מִיר אַלײן חתונה האָבּען.

ס אָ נ י אַ. — און וועסט אִיהם נִישט געבּען צוּ פֿערשטעהן, אַז דוּ מוּזט חתונה האָבּען? — — שאַ, וואָס האָסטוּ זִיךְ אַזוֹי פֿערשעמט!

אִ י ד אַ (ווערט רוֹיט, פֿערשעמט). — גאָט אִיז מִיט דִיר, סאָניאַ, וואָס רעדסטוּ — אִיךְ זאָל זאָגען דעם טאַטען? קײנמאָל אִין דער וועלט נִישט.

ס אָ נ י אַ (טאַנצט אַרוּם אִיבּער'ן צִימער). — אײַ, אײַ, אײַ, אַ שרעקלִיכע זאַךְ! אִיךְ זאָל דאַרפֿען, וואָלט אִיךְ עס געטהוּן! וואָס אִיז, דײַן טאַטע אִיז אַ פֿרוּמער, ער דאַרף אַלײן גאָר פֿערשטעהן...

אִ י ד אַ. — אִיךְ וועל עס נִישט טהוּן.

ס אָ נ י אַ. — אַז דוּ וועסט אָבּער שטעלען חוּפּה און ער וועט

נִישט ווֶעלֶען, וועט ער דיר דאָךְ קיין געלד נִישט געבֶען, ווֶעגֶען דעם האָסטוּ גערטראַכט?

אִ י ד אַ. — וואָס קאָן אִיךְ העלפֶען.

ס אָ נ י אַ. — זאָג אִיהם — מִיט אַ וואונק. וואָס פַאר אַ נאַר דוּ בִּיזט!

אִ י ד אַ (שווייגט פֶערטראַכט).

ס אָ נ י אַ. — ווֶעסט נִישט זאָגען?

אִ י ד אַ (שאָקעלט מִיט'ן קאָפּ).

ס אָ נ יאַ. — נוּ, זאָג נִישט! אָבֶער חתונה האָבֶען מוזטוּ דאָךְ! (פְרעֶהלִיךְ). — שאַ, שאַ, אִידאַ, ס'וועט אונז אויסקומען חתונה האָבֶען צוזאַמען! שאַ, ווייסט וואָס, מִיר ווֶעלֶען מאַכֶען אַ חופּה אִין איין טאָג, אִין איין שעה! (שטִילער, מִיט אַ שעלמִישׁ געלעכטער) ס'וועט אונז אֶפשר אויסקומען אִין איין טאָג ווערען מאַמעס...

אִ י ד אַ (מִיט אַ שמייכעל). — וואָס זשע פְרעהסטוּ דיךְ אַזוֹי?..

ס אָ נ י אַ. — פַאַרוואָס זאָל אִיךְ זיךְ נִישט פְרעהען! (בִּשעת זִי רעדט דאָס ווײַטערדיגע, ווערט זִי אַלץ פְרעהלִיכער). — ווֶעסט זעהן, ווִי ס'וועט זײַן גוט: בַּאַלד ווִי מִיר האָבֶען חתונה, דינגען מִיר מִיט סאַשאַ'ן צוויי צִימערען. שענע און לִיכטיגע, דער טאַטע וועט אונז קויפען מעבעל, וועסט זעהן, ווִי ס'ווֶעלען בײַ מִיר אויס= זעהן די צוויי צִימערען! אוֹי, ווִי ס'וועט זײַן גוט, גוט, גוט! דוּ זאָלסט אויךְ נעהמען צוויי צִימערען! דיר מִיט אַבראַשאַ'ן וועט נאָךְ זײַן בֶּעסער: דוּ מִיט אַבראַשאַ'ן האָט אִיהר זיךְ נאָךְ מעהר לִיעב ווִי אִיךְ מִיט סאַשאַ'ן.

אִ י ד אַ (הערט זיךְ אײַן מִיט אַ שטִילען גלִיקלִיכען שמייכעל).

ס אָ נ י אַ (פְרעהלִיךְ און לעבעדיג ווִי פְריהער). — קוק נאָר אָן, ווִי זִי שמייכעלט! אֶפשר אִיז פַאר דיר דאָס קאַרג, מִיר אִיז גענוג אִיךְ זאָל זײַן גלִיקלִיךְ מִיט סאַשאַ'ן.

אִ י ד אַ. — און שפּעטער מִיט אַ כ ט חדשים?..

ס אָ נ י אַ. — שפּעטער מִיט אַכט חדשים וועט זײַן שפּעטער מִיט אַכט חדשים! (חאַפּט אִידאַ'ן בײַ די הענד). — קום, לאָמִיר געהן אַ טאַנץ אויפ'ן חשבון פוּן אונזערע חתונות! (אַז אִידאַ לאָזט זיךְ נִישט). — קום מאַך זיךְ נִישט נאַרִישׁ, אַ מעדעל האָט אַבראַשאַ'ן און ס'אִיז אִיהר נאָךְ קאַרג.

אִ י ד אַ (לאָזט סאָניאַ'ן אַרומנעהמען אִיהר פִיגור און זיי געהען אַוועק אַ טאַנץ. צום אָנהויב טאַנצט אִידאַ פוֹיל אַבִּיסעל, נאָר בִּיסלעכווייז ווערט זִי לעבעדיגער). לאָמִיר דערווײַל איצט טאַנצען!

ס אָ נ י אַ. — אָט אַזוֹי האָב אִיךְ דִיךְ לִיעב. (זַיִי טאַנצען אַלין גִיכער אוּן לעבּעדִיגער).

אִ י ד אַ. — לָאָמִיר טאַנצען אַזוֹי, אַז אִיךְ זאָל פֿערגעסען וואָס ס'וועט זַיין. (זַיִי טאַנצען אוּן סאָניאַ זִינגט צוּ).

מען הערט אַ קלאַפּ אִין טהִיר.

ס אָ נ י אַ. — הער נִישט אוֹיף, הער נִישט אוֹיף, לאָזמען דאָרט קלאַפּען! (זַיִי טאַנצען ווייטער).

אִ י ד אַ (טאַנצט מִיט הִיץ, דִי בּאַקען ווערען אִיהר רוֹיט). — נאָךְ, נאָךְ, הער זִיךְ נִישט צוּ!

עס עפֿענט זִיךְ דִי טהִיר אוּן עס קוּמען אַרײַן ס אַ ש אַ אוּן אַ בּ ר אַ ש אַ.

ס אַ ש אַ. — קוּק אָן, וואָס דאָ טהוּט זִיךְ אַזוֹינס, מען האָט זִיךְ דאָס אַבּיסעל צוּטאַנצט! (צוּ אַבּראַשאַ'ן, מִיט אַ בּרייטען בּעל־הבּית'ישען שמייכעל). — וואָס זאָגט אִיהר אוֹיף זַיִי, אַ?

אִ י ד אַ (טאַנצט אַלין לעבּעדִיגער. — נאָךְ, נאָךְ!

אַ בּ ר אַ ש אַ (שטעהט אַ ווײַלע בּײַ דער טהִיר אוּן קוּקט צוּ צוּם טאַנץ, נאָכדעם גִיט ער זִיךְ גִיךְ אַ לאָז, חאַפּט אָן אִידאַ'ן בּײַ דער טאַליע, בּשעת זִי לוֹיפֿט טאַנצענדִיג דוּרךְ פֿאַר אִיהם, אוּן גִיט אִיהר אַ קוּש אִין דִי לִיפּען).

ס אַ ש אַ (נאָךְ שטעהענדִיג בּײַ דער טהִיר). — אָט דאָס אִיז גאָר שען! נִישט געקאָנט זִיךְ אײַנהאַלטען! וואָס זאָגט אִיהר צוּ זַיִי?!

ס אָ נ י אַ (צוּ סאַשאַ'ן, מִיט אַ געמאַכט וויינענדִיגען קוֹל). — אוּן דוּ מִיךְ נִישט! פֿאַר־וואָס קוּמט זַיִי יאָ?

ס אַ ש אַ. — בִּיזט אפשר בּרוֹגז פֿאַר וואָס אִיךְ בִּין נִישט געוועזען דער ערשטער? נאַ דִיר דערפֿאַר צווייִ! (קוּשט זִי).

ס אָ נ י אַ (רײַסט זִיךְ אוֹיס פֿוּן סאַשאַ'ס אָרעמס אוּן גִיט אִיהם אַ קלאַפּ אוֹיף דער פּלייצע) — סאַשאַ, שלאָג זִי אָן, אִידאַ'ן, זִי האָט דאָ געוואָלט מִיךְ אָבּרעדען פֿוּן חתונה האָבּען מִיט דִיר.

ס אַ ש אַ. — כְּדֵי זִי זאָל פֿרִיהער חתונה האָבּען מִיט אַבּראַשאַ'ן (לאַכט).

ס אָ נ י אַ (מִיט אַ געמאַכט קלאָגעדִיגען טאָן). — דוּ ווִילסט זִיךְ נִישט אָננעהמען פֿאַר מִיר, אִיךְ דערצעהל דִיר אַזאַ זאַךְ אוּן דוּ שווײַגסט. (לעבּעדִיג אוּן ערנסט). סאַשאַ, דוּ ווייסט וואָס אִידאַ האָט מִיר דאָ אָנגערעדט? זִי זאָגט, אַז דִי ערגסטע זאַךְ אִיז זײַן אַ מוּטער, אַפִילוּ פֿוּן אײן קִינד. (צוּ אִידאַ'ן). — אֱמת?

אַ בּ ר אַ ש אַ (קוּקט אִידאַ'ן אַרײַן אִין דִי אוֹיגען).

אִ י ד אַ. — אֶמת.

ס אַ ש אַ (מאַכט פֶערוואונדערטע אויגען). — כ׳פֶערשטעה דאָס נִישט!

אִ י ד אַ (ערנסט, צו סאָניאַ׳ן). — זעהסט, צווישען די מענער זענען דאָ אַזוינע, וואָס פֶערשטעהען עס אַפִּילוּ נִישט, אַזוי ווײַט זענען זײ פון דעם.

ס אַ ש אַ (צו אַבראַשאַ׳ן). — און איהר פֶערשטעהט דאָס?

אַ ב ר אַ ש אַ. — כ׳פֶערשטעה

ס אַ ש אַ (אויפגערעגט). — וואָס פֶערשטעהט איהר?

אַ ב ר אַ ש אַ (קוקט צו אִידאַ׳ן). — כ׳פֶערשטעה אויך, אַז די נשמה פון דער פרוי ווערט אַנדערש ווען זי האָט אַ קינד. נאָר מיר ווײַזט זיך אוים, אַז פון דעסטוועגען — — אַז די פרוי וואָס האָט שטאַרק ליעב, טראַכט גלאַט פון גאָרנִישט, אַפִּילוּ פון קײן קינד נִישט.

אִ י ד אַ (קוקט אויף קײנעם נִישט, פֶערטראַכט). — מיר ווײַזט זיך אוים, אַז יעדע פרוי, אַז זי האָט דאָס ערשטע קינד, גיט זי איהם אָב אַ האַלבע נשמה; דעם צווייטען קינד גיט זי אָב אַ האַלבע נשמה פון דער האַלבער נשמה; וואָס ס׳איז איהר געבליבען און בײַם דריטען קינד אויך אַזוי. דערפאַר זענען דאָ אַזוי פִיעל פרויען, וואָס האָבען קײן נשמה נִישט.

ס אַ ש אַ. אָ, נאַ דיר! (דרעהט זיך אַרום פֶערוואונדערט). — כ׳פֶערשטעה עס נִישט.

אִ י ד אַ (צו אַבראַשאַ׳ן). — וואָס זשע זאָל טהון אַ פרוי, וואָס וויל נִישט בלײַבען אָהן אַ נשמה? זאָל זי קײן קינדער נִישט האָבען?

אַ ב ר אַ ש אַ (שווײַגט).

אִ י ד אַ. — וואָס שווײַגסטו? האָסט מוֹרא צו זאָגען? (צו סאָניאַ׳ן). — דו ווייסט וואָס איך האָב געטראַכט פריהער מיט אַ פאָר טעג? — — דו פֶערשטעהסט, ווען איך מײן — — אַ מעדעל, אַז זי האָט עמיצען ליעב, וואָלט געקאָנט אַוועקגעהן אַ יאָהר און צוויי און דרײַ, און ס׳זאָל גאָרנִישט זײַן, ווען נִישט ער, דער געליבטער. ער קריעכט פון דער הויט אַרוים, אַז, אַז — — פֶערשטעהסט, אַז זי זאָל ווערען אַ מוטער. ווײַל ער האָט מוֹרא פאַר איהר כל זמן זי איז אַ מעדעל, כל זמן זי איז נאָר אַ פרוי.

ס אַ ש אַ. — מיר האָבען גאָר מוֹרא פאַר דער פרוי? נאַ דיר אַ נײַעס!

אִ י ד אַ (צוּ אַבראַשאַ׳ן). — דוּ פֿערשטעהסט מיך? ער האָט מוֹראָ פֿאַר אי־ר, ווייל אַז די פֿרוי איז פֿריי, וויל זי אַסך גליק, אַסך פֿערגניגען, וויל זי אַלע מאָל נייעס און נייעס!

ס אַ ש אַ. — מיר דאַכט זיך, אַז דאָ זענען דאָ אַנדערע מאָטיווען... (לאַכט).

אִ י ד אַ (לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, מיעד). — ס׳קאָן זיין.

ס אַ ש אַ (צוּ סאָניאַ׳ן). — זי האָט אויף מיר אָנגעיאָגט אַ חמאַרע. לאָמיר זיך צעקושען. (גיט איהר אַ קוש). — איצט טהו זיך אָן. כ׳האָב פֿאַר דיר אין אַ פֿענסטער פֿון אַ מאַגאַזין געזעהן עפּעס אַזאַך — נו, אַ זאַך! טהו זיך נאָר אָן.

ס אָ נ י אַ. — סאַשאַ, נשמה מיינע, זאָג וואָס איז דאָס?

ס אַ ש אַ. — ניין, פֿריהער זאָג איך נישט. קום וועל איך דיר קויפֿען.

ס אָ נ י אַ. — זאָג, סאַשאַ, איך בעט דיך, זאָג.

ס אַ ש אַ. — אַז איך וועל זאָגען, וועט דאָך אידאַ אויך וועלען.

ס אָ ני אַ. — לאָז איהר אַבראַשאַ קויפֿען.

ס אַ ש אַ. — אַבראַשאַ׳ן ליעגט אין זינען זיצען מיט אידאַ׳ן און פֿילאָזאָפֿירען, (צוּ אַבראַשאַ׳ן). — איהר נעהמט בעסער אידאַ׳ן און קומט אין גאַס שפּאַצירען און קויפֿט איהר עפּעס אַ שענע זאַך, דאַמאָלס וועט זי פֿערגעסען טראַכטען, צי ס׳איז גוּט צוּ זיין אַ מוטער, צי ניין.

אַ ב ר אַ ש אַ (צוּ אידאַ׳ן). — וואָלסט זיך דורכגעגאַנגען אַביסעל שפּאַצירען?

אִ י ד אַ. — ניין, מיר ווילט זיך איצט נישט, כ׳בין מיעד. שפּעטער אֶפֿשר.

ס אַ ש אַ (צוּ אַבראַשאַ׳ן). — עה, איהר זענט ביידע געראָטען איינער אינ׳ם אַנד׳רען. נו, פֿערבלייבט אייך געזונד. קום, סאָניאַ.

ס אָ נ י אַ (טהוט זיך אָן). — קום, אידאַ. (געהט צוּ צוּ אידאַ און גלעט איהר דאָס געזיכט). — קום, אידאַ, טייערע, מיר וועלען שפּאַצירען אין פֿירען. מיר וועלען זיך ביידע קויפֿען אַ דאָס, וואָס סאַשאַ האָט געזעהן קום, טייערע!

אִ י ד אַ (מיעד). — ניין, סאָניאַ, איך וועל איצט נישט געהן.

ס אַ ש אַ (ציהט סאָניאַ׳ן ביי דער האַנד). — לאָזען זיי זיך בלייבען, אַז זיי ווילען נישט געהן.

סאָניאַ (ברוגז׳דיג). — וועלען מיר אַליין געהן. (ביי דער טהיר בלייבט זי שטעהן און דרעהט אויס דעם קאָפּ צו אידאַ׳ן). — אידאַ, דו ביזט שענער פון מיר און האָסט אֶפשר מעהר שׂכל פון מיר, פון דעסטוועגען איז מיר בעסער (געהט אַרויס מיט סאַשאַ׳ן).

אַבראַשאַ (נאָך אַ מינוט פון שטיל שווייגען). — אידאַ!

אידאַ (חאַפּט זיך אויף פון איהרע געדאַנקען). — וואָס?

אַבראַשאַ. — וואָס זיצסטו אַזוי — וואָס ביזטו אַזוי אַומעטיג?

אידאַ — ווייסט דאָך.

אַבראַשאַ. — אָבער דאָס מוז דאָך האָבען אַן עק, ס׳איז דאָך פערפאַלען.

אידאַ. — ס׳מוז האָבען אַן עק? דו ווייסט, אַבראַשאַ איך בין נישט קיין איבעריג שוואַכער מענש. זאָל מיך געווען טרעפען וואָס ס׳איז פאַר אַן׳אומגליק, דאָס גרעסטע אומגליק, וואָלט איך דאָס גרינגער אַריבערגעטראָגען ווי דאָס. ווייסט פאַרוואָס? ווייל דאָס, וואָס ס׳האָט מיך איצט געטראָפען, איז אַ צרה אָהן אַן עק. נעהם פערמאַך די אויגען און שטעל זיך פאָר, אַז אין אַ מינוט אַרום וועט מיט דיר פאָרקומען עפּעס אַ זאַך, וואָס וועט דיך אויף עביג מַבַּכען פאַר אַן׳אַנדער מענש. אַזוי פיהל איך מיך איצט (שטילער). — ווער איך נאָר אַ מוטער, איז מיין לעבען שוין נישט מיינט אין גאַנצען, אַפּילו נעהמען זיך דאָס לעבען קאָן איך אויך שוין נישט. און טאָמער הער איך דיך אויף ליעב האָבען און געה פון דיר אַוועק, וועל איך דיך אין גאַנצען שוין נישט קאָנען פערגעסען: דאָס קינד וועט מיך עביג דערמאַהנען אין דיר.

אַבראַשאַ. — און דו זאָגסט נאָך, אַז דו האָסט מיך אַזוי ליעב — (אַביסעל איראָניש און מיט אַנגסט). — אַזוי ליעב, אַז דו פערגעסט אין אַלץ.

אידאַ. — דאָס איז געווען אַזוי ביז איצט. באַלד וועט קומען אַ צייט, אַז איך וועל מוזען צווייטעגוויילן אין גאַנצען פער־געסען זיך אין דיר: כ׳וועל ליעב האָבען אַן׳אַנדער זאַך (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל). — דו ווילסט דאָס?

אַבראַשאַ. — אַח אידאַ, דו רעדסט זיך נאָר איין אַזוי. ס׳איז גאָרנישט אַזוי די מעשׂה.

אידאַ. — ס׳איז נישט אַזוי, זאָגסטו? (ווי זי דערמאַהנט

זיך). — נעכטען האָב איך אין גאַס בעגעגענט אַ יונגע ווײַבעל אײנע, מײַנע אַ בעקאַנטע — דו קענסט זי נישט. איך פרעג זי וואָס מאַכט איהר יונגעלע, — דאָס איז דאָס צווייטע קינד בײַ איהר, לאָזט זיך אויס, אַז אי דאָס ערשטע, אי דאָס צווייטע זענען ביידע געשטאָרבען. איך פרעג בײַ איהר: „האָסט שוין אַביסעל אָבגעלעבט נאָכ'ן טוידט פון די קינדער? האָסט זיך מסתּם גענוג אָנגעוויינט?" — ווייסט, אַבראַשאַ, וואָס זי האָט מיר געענטפערט? זי האָט אַ שמייכעל געטהון, אמת, אַ טרויעריגען שמייכעל געטהון, און געזאָגט מיר: „ווייסט, איך האָב שטאַרק נישט געקאָנט וויינען בשעת דאָס צווייטע קינד איז געשטאָרבען. איך האָב געפיהלט, אַז פון אַ פרוי ווער איך צוריק אַ געליבטע, און פון מײַן מאַן ווערט מיר צוריק אַ געליבטער". — אַ דאָס האָט זי מיר געענטפערט. נעכטען איז דאָס געוועזען.

אַבראַשאַ (רוקט זיך צו נעהענטער צו איהר, נעהמט זי אָן בײַ דער האַנד, ווייך). — אויב אַזוי איז אויס, האָסטו מיך שוין נישט ליעב אַזוי ווי דו האָסט מיך ליעב געהאַט?

אידאַ (גיט אויף איהם אַ קוק מיט ליעבע, גלעט איהם די האַנד). — דערווײַל האָב איך דיך נאָך ליעב ווי איך האָב דיך ליעב געהאַט.

אַבראַשאַ. — און שפּעטער, אין אַ יאָהר אַרום?

אידאַ. — דו ווילסט, איך זאָל דיר זאָגען?

אַבראַשאַ. — זאָג, אידאַ.

אידאַ. — כ'וועל דיך ליעב האָבען ווי ס'קאָן ליעב האָבען אַ מוטער.

אַבראַשאַ (שפּאַרט אונטער דעם קאָפּ אויף די הענד ס'איז אַ ווײַלע שטיל. מען קלאַפּט טאָן אין טהיר. עס קומט אַרײַן אַ מעדעל פון אַ יאָהר דרײַ און צוואַנציג אַ ניעדעריגע און, אַ שלאַנקע).

מאַדמואַזעל רײַכמאַן (בלייבט שטעהן בײַ דער טהיר, בעקוקט אַ ווײַלע אַבראַשאַ'ן מיט אידאַ'ן). — אַ גוט מאָרגען, אַבראַשאַ, וואָס מאַכט איהר?

אַבראַשאַ (געהט איהר אַ קעגען און גיט איהר די האַנד) — ווען קומט איהר דאָס אָן?

מאַד. רײַכמאַן — הײַנט קום איך דאָס אָן. (געהט און זעצט זיך נישט געבעטען אויף אַ שטוהל). — כ'בין מיעד כ'בין

ערשט הײַנט געקומען און כ'האָב זיך נאָך נישט אויסגערוהט. פֿון דעסטוועגען צו אײַך בין איך באַלד געגאַנגען, כ'האָב זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטען.

אַבראַשאַ (אַביסעל צומישט). — ווי האָט איהר גע-טראָפֿען אהער?

מאַדמואַז. רײַכמאַן. — מען האָט מיר געזאָגט, אַז מען קאָן אײַך דאָ טרעפֿען דאָס פֿרײַלײַן איז געווים אײַער כלה, אַבראַשאַ?

אידאַ (שטעלט זיך אויף, קוקט אַ בלאַסע אויף אַבראַשאַ'ן)

אַבראַשאַ. — איהר האָט געטראָפֿען, רײַכמאַן בעקענט אײַך. דאָס איז מײַן כלה וואָס איך האָב אײַך אַזוי פֿיעל דערצעהלט פֿון איהר.

מאַד. רײַכמאַן (געהט צו צו אידאַ'ן, גיט איהר די האַנד און זעצט זיך צוריק אויף איהר אָרט). — וואָס פֿאַר אַ שענע איהר זענט! נישט אומזיסט האָט אײַך אַבראַשאַ אַזוי ליעב.

אידאַ (האַלב איראָניש). — מיר איז זעהר אַנגענעהם, וואָס אַלע ווײַסען, ווי אַבראַשאַ האָט מיך ליעב. — איהר זענט שוין לאַנג בעקאָנט מיט אַבראַשאַ'ן?

מאַד. רײַכמאַן. — נישט אַזוי לאַנג, אָבער מיר זענען גוט בעקאַנט. אַבראַשאַ האָט אײַך קײנמאָל נישט דערצעהלט וועגען מיר? (צו אַבראַשאַ'ן). — איהר האָט מיך אַזוי גיך פֿער-געסען. איך האָב אָבער אײַך נישט פֿערגעסען. איהר זעהט דאָך: איך בין הײַנט געקומען צו פֿאָהרען, און בין גלײַך געגאַנגען צו אײַך. (צו אידאַ'ן). — פֿאַר אַ יאָהרען זומער האָבען מיר זיך בעקאָנט. מיר האָבען בײדע געוואוהנט אין אײן הויז. איך און אַבראַשאַ. איך אין אײן צימער, און אין'ם דערבײַעדיגען צימער אַבראַשאַ. אײגענטליך זענען מיר אין גאַנצען געווען בעקאַנט דרײַ טעג, אויפֿ'ן פֿירטען טאָג האָט אַבראַשאַ בעקומען אַ טעלע-גראַמע, און איז אַוועקגעפֿאָהרען. מסתם איז דאָס פֿון אײַך געווען די טעלעגראַמע. (מיט אַ שמײכעל). — ער האָט אַלץ פֿערגעסען, און אין מיך אויך, גיך זיך אײַנגעפּאַקט און איז דעם זעלבען טאָג אַוועקגעפֿאָהרען.

אידאַ. — איצט ווײס איך שוין ווער איהר זענט.

מאַד. רײַכמאַן. — אַזוי, האָט אײַך אַבראַשאַ יאָ געזאָגט וועגען מיר!

אידאַ (ווערט אַלײן אויפֿגערעגטער). — איהר ווײסט וואָס

ער האָט מיר דערצעהלט וועגען אַייך? (צו אַבראַשאַ'ן). — שאַ, אָט וועלען מיר באַלד וויסען, צי דו האָסט געזאָגט אמת. (צו מאַדאַם. רייַכמאַן) — אַבראַשאַ האָט זיך בערימט, אַז איהר זענט געוועזען אַביסעל פֿערליבט אין איהם.

מ אַ ד מ. ר ייַ כ מ אַ ן. — אמת, אַמת, איך לייקען עס נישט אָב. אין די דרייַ טעג וואָס מיר זענען געוועזען בעקאַנט, זענען מיר איינמאָל אָבגעזעסען אין צווייען בייַ אַנ'אָפּענעם פענסטער אַ גאַנצע נאַכט. אַ גאַנצע נאַכט ביז ס'איז ליכטיג געוואָרען, און איהר ווייסט דאָך מסתמא, אַז אַ מעדעל זיצט אָב מיט אַ יונגען מענשען אַ גאַנצע נאַכט איינע אַליין, מוז זי שוין זייַן אַ ביסעל פֿערליבט אין איהם, אַנדערש קאָן נישט זייַן.

אַ ב ר אַ ש אַ. — יאָ, יאָ, ס'איז דאַמאָלס שוין איינמאָל אַ שענע נאַכט געוועזען.

א י ד אַ (צו אַבראַשאַ'ן איראָניש). — וועגען דער נאַכט האָסטו מיר נישט דערצעהלט.

מ אַ ד מ. ר ייַ כ מ אַ ן. — לאָזט איהם אָב, ער איז געוועזען גערעכט, וואָס ער האָט אַייך נישט דערצעהלט: איהר וואָלט איהם געוועזען געקאָנט חושד זייַן גאָט ווייסט אין וואָס. (מיט אַנ'איראָנישען שמייכעל). — איהר ווייסט וואָס ס'האָט מיך פֿערהיט, איך זאָל זיך נישט פֿערליבען אין גאַנצען אין אַייער אַבראַשאַ'ן — אין יענער נאַכט, מיין איך? אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטען אין איין רעדען פֿון אַייך, ווי ער האָט אַייך ליעב.

א י ד אַ — דאָס איז מסתם געוועזען שען: זיצען בייַ אַנ'אָפּענעם פֿענסטער אין אַ שענער נאַכט מיט אַ מעדעל, און רעדען וועגען אַנ'אַנדערער.

אַ ב ר אַ ש אַ (מיט אַ בעהאַלטענעם פֿערדראָס, צו אידאַ'ן). — דו גלויבסט נישט?

א י ד אַ (מיעד) — כ'גלויב.

מ אַ ד מ. ר ייַ כ מ אַ ן. — נו, כ'וועל שוין געהן, כ'האָב אַייך נאָר געוואָלט זעהן, אַבראַשאַ. (מיט אַ שמייכעל). — און אַייער כלה האָב איך געוואָלט זעהן, זייַט געזונד. (גיט אַבראַשאַ'ן און אידאַ'ן די האַנד און געהט אַרויס).

א י ד אַ (בלייַבט זיצען פֿערטראַכט, זעהט אויס מיעד, האַלט די קאָפּ אַרײַנגעלאָזט, ריהרט זיך נישט).

אַ ב ר אַ ש אַ (נאָך אַ מינוט פֿון שטילשווייַגען). — אידאַ!

א י ד אַ (שווייַגט און ריהרט זיך נישט).

אַ ב ר אַ ש אַ. — אידאַ, וואָס האָסטו זיך אַזוי פֿערטראַכט?

איִ ד אַ (הויבט זיך אויף און הויבט אָן אַרומגעהן איבער׳ן צימער).

אַ ב ר אַ ש אַ. — אידאַ, דו מיינסט עפּעס?

אִ י ד אַ (בלייבט אויף אַ רגע שטעהן נעבען איהם). — וואָס?

אַ ב ר אַ ש אַ. — וואָס ביזטו געוואָרען פלוצלונג פֿערטראַכט? דו מיינסט אָפּשר עפּעס?

אִ י ד אַ (קוקט איהם אָן אַ ווײַלע, מיט אַ פֿערבּיטען קול). — כ׳מיין עפּעס.

אַ ב ר אַ ש אַ. — וואָס מיינסטו?

אִ י ד אַ (ענטפֿערט איהם נישט אויף זײַן פֿראַגע). — דו האָסט זי אין יענער נאַכט — — געקושט?

אַ ב ר אַ שׁ אַ (שטעלט זיך אויף, קוקט אידאַ׳ן אין די אויגען אַרײַן, נעהמט זי אָן ביי דער האַנד, פֿערטראַכט). — יאַ.

אִ י ד אַ (נעהמט פּאַמעליך צו איהר האַנד). — דו האָסט מיך שוין דאַמאָלס ליעב געהאַט.

אַ ב ר אַ שׁ אַ (שווײַגט).

אִ י ד אַ (מיט אַ נערוועזען געלעכטער). — דו האָסט איהר אָפּשר געזאָגט, אַז דו האָסט זי ליעב? האָסט איהר געזאָגט?

אַ ב ר אַ ש אַ (גלייכט זיך אויס, מיט אַ פֿעסטער שטימע). — אידאַ, הער: איך האָב איהר נישט געזאָגט, אַז איך האָב זי ליעב, דאָס איז געוועזען ביי נאַכט, אין יענער נאַכט זי האָט ביי מיר אויסגענאַרט דעם קוש. פֿערשטעהסט, אַז אַ מעדעל קאָן אויסנאַרען אַ קוש, אויב זי וויל.

אִ י ד אַ (געהט אַ ווײַלע אַרום, נאָכדעם שטעלט זי זיך אין אַ ווינקעל ביי דער טהיר, דאָס געזיכט אָבגעקעהרט פֿון אַבראַשאַ׳ן).

אַ ב ר אַ ש אַ (געהט צו איהר צו נאָהענט און רירט זי נישט אָן). — אידאַ, דו פֿערשטעהסט, וואָס צווישען מיר און איהר איז פֿאָרגעקומען?

אִ י ד אַ (דרעהט זיך אָב פֿון דער וואַנד און נעהמט דעם מאַנטעל). — כ׳פֿערשטעה.

אַ ב ר אַ ש אַ. — און ביי דיר וועט עפּעס בלייבען אין הארצען?

אִ י ד אַ (טהוט זיך אָן). — כ׳ווייס נישט.

אַ ב ר אַ ש אַ. — וואָהין געהסטו אידאַ?

אִ י ד אַ. — כ׳וועל זיך אַביסעל דורכגעהן.

אַבראַשאַ (בעט זיך). — גערן מיט דיר!

אידאַ (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין).

אַבראַשאַ (טרעט אָב פון איהר. — בלייבט ביי דיר יאָ עפּעס אין האַרצען — —

אידאַ. — איצט ווייס איך גאָרנישט.

אַבראַשאַ (געהט צו צו איהר, נעהמט זי אָן ביי דער האַנד, בעט זיך). — לאָמיך גערן מיט דיר, אידאַ. ווערסט זעהן, אַז ס'וועט דיר ווערען לייכט אויפ'ן האַרצען.

אידאַ (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין. געהט אַרויס).

אַבראַשאַ (בלייבט שטעהן און הערט זיך איין צו אידאַ'ס טריט אין פּאָרהויז).

אידאַ (קומט אַריין, געהט צו צו אַבראַשאַ'ן און נעהמט איהם ביי דער האַנד. בשעת זי רעדט, פיהלט מען אַז זי דער-שטיקט טרערען). — זעהסטו אַבראַשאַ: זאָל דאָס געווען פאָר-קומען מיט אַ מאָנאַט צוריק, איז אָדער איך וואָלט אַוועק געגאַנגען צוליעב דעם פון דיר, אָדער איך וואָלט עס פערגעסען. גיכער וואָלט איך עס פערגעסען. איצט אָבער, אַז איך דאַרף ווערען אַ מוטער, ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך בין שוין נישט פריי אין מיינע געפיהלען. איך גלויב איצט זיך אַליין נישט. דו פערשטעהסט? (געהט אַרויס).

---

פאַרהאַנג.

# דריטער אקט.

(א גרויס ליכטיג צימער, וואס דיענט פאר א עס-צימער און א בודואר צוזאמען. רעכטס א טהיר אין די אנדערע צימערען פון וואהנונג, לינקס — א טהיר אין א פארהויז און פון דארטען אין דרויסען ארויס. אין מיטען צימער א גרויסער טיש, בעדעקט מיט א סאמעט-ענעם טישטוך, ארום טיש — געשניצטע שטולען. רעכטס — א ווייכע סאפא און א בופעט לינקס, אויף דער וואנד, אנ׳אויסגעמאהלטער דיוואן. — דאס מעבעל איז פון איין קאליער.

אקעגען די צוזעהער — צוויי פענסטער און א טהיר צום באלקאן ארויס, ביי די פענסטער שטעהען קליינע טישעלעך, אויף וועלכע עס ליעגען אלבומען א. ד. ג.

די צייט איז פאר מיטאג. אידא, אנגעטהון אין א שטוב-קלייד, ליעגט אויף דער סאפא.

---

אִ י ד אַ (רוּפֿט ליִעגענדיִג). — וואָס בּיִזטוּ דאָרט פֿערפֿאַלען געוואָרען, סאָניאַ? (קייִנער ענטפֿערט ניִשט. זיִ שטעהט אויף מיִט אַנ׳אוֹיסדרוּק פֿוּן מיִעדקייַט אוּן אוּנצוּפֿריִעדענהייַט אויפֿ׳ן נעזיִכט, דרעהט זיךְ אַרוּם אַ ווייַלע, געהט אַרוֹיס אויפֿ׳ן באַלקאָן, קוּמט באַלד אַרייַן צוּריִק, פֿערמאַכענדיִג נאָךְ זיךְ די טהיִר פֿוּנ׳ם באַלקאָן. נעהמט אַ טיִנט אוּן פֿעדער אוּן אַ קאַרטעל אוּן שרייַבּט שטעהענדיִג אָנגעלעהנט בּייַם טיִש).

ס אָ נ י אַ (קוּמט אַרייַן דוּרךְ דער טהיִר רעכטס). — כ׳האָבּ זיךְ געשפּיִעלט מיִט דייַן יוּנגעלע, איִדאַ.

אִ י ד אַ (הוֹיבּט ניִשט אויף די קאָפּ, שרייַבּט). — די דיִענסט איִז שוֹין אַוועקגעגאַנגען?

ס אָ נ י אַ (זעצט זיךְ בּייַם טיִש נעבען איִדאַ׳ן). — יאָ, איךְ האָבּ זיִ אַרוֹיסגעלאָזט.

איִדאַ (ענדיִגט שרייַבּען). — וואָס זאָגסטוּ אויף מייַן יוּנגעלע?

ס אָ נ י אַ. — אויף דייַן יוּנגעלע? כ׳וואָלט איִהם געוואָלט פֿאַר אַ חתן פֿאַר מייַן מעדעלע.

אִ י ד אַ (לאַכט). — וואָס ס׳ליִעגט אוּנז שוֹין איִן זיִנען! מיִר זענען שוֹין בּיידע אַלט, אמת׳ע מאַמעס, מיִר רעדען שוֹין וועגען שדוּכים פֿאַר אוּנזערע קיִנדער.

ס אָ נ י אַ. — נוּ, צוּ דרייַ אוּן צוואַנציִג יאָהר הייסט מען נאָךְ ניִשט אַלט.

אִידאַ. — אַז מֶען האָט נִישט קײן קִינד.

סאָניאַ. — גאָר!

אִידאַ (האַלב ערנסט). — װעסט מִיר גלױבּען, אַז זִיך זעה אַ מעדעל אִין מײַנע יאָהרען — מִיר געהט אִיצט דאָס דרײַ און צװאַנצִיגסטע יאָהר, — װײַזט זִיך מִיר אױס, אַז אִיך בִּין עלטער פֿון אִיהר מִיט צעהן יאָהר.

סאָניאַ. — דוּ רעדסט נאָך אַלץ דאָס אײגענע װאָס אַמאָל? געדײנסקט פֿרִיהער מִיט צװײ יאָהר? נײן ס'אִיז ערשט האַנדער־טהאַלבען. דוּ האָסט זִיך כמעט גאָרנִישט אִיבּערגעבִּיטען פֿאַר דער צײַט.

אִידאַ. — גאָרנִישט אִיבּערגעבִּיטען זִיך?

סאָניאַ. — אַזױ, אִין אױסזעהן. האָסטוּ זִיך נִישט געבִּיטען בִּיזט נאָך אִיצט, מִיר דאַכט זִיך, שענער.

אִידאַ (נעהמט סאָניאַ'ן אָן בּײַ דער האַנד, נײַגִיערִיג און אַ בִּיסעל טרױערִיג). — בּעמערקסט גאָרנִישט אִין מִיר עפּעס אַ נײַעס? עפּעס — — אִין מִיר אִין גאַנצען? (הױבּט זִיך אױף און הױבּט אָן אַרומגעהן). —

סאָניאַ (קוּקט אִיהר נאָך אַ װײַלע). — עפּעס האָסטוּ זִיך יאָ געבִּיטען, דִי גִיכקײט דײַנע האָסטוּ, מִיר דאַכט זִיך, פֿער־לאָרען. — קוּם נאָר אַהער, אִידאַ.

אִידאַ (שטעלט זִיך נעבען אִיהר). — װאָס װִילסטוּ?

סאָניאַ. — קוּק מִיר נאָר גלײַך אִין דִי אױגען.

אִידאַ. — נאָ, דערקען עפּעס אִין זײ, װעלען מִיר זעהן, צִי דוּ װעסט טרעפֿען.

סאָניאַ (קוּקט אִיהר אַרײַן אַ װײַלע אִין דִי אױגען). — אִידאַ, דוּ האָסט בּעקוּמען אַנ'אַנדער בּלִיק!

אִידאַ. — אַ שטײַגער?

סאָניאַ (קוּקט אִיהר װײַטער אִין דִי אױגען און טראַכט).— כ'װײס נִישט. נאָר יעדערער װאָס האָט דִיך געקענט מִיט צװײ יאָהר צוּרִיק, קאָן בּעמערקען, אַז דוּ קוּקסט אִיצט אַנדערש.

אִידאַ (געהט און לעגט זִיך אױף דער סאָפֿאַ), — קאָנסטוּ נִישט טרעפֿען. זאָגען דִיר? אִיך האָב אַמאָל געלײענט צִי גע־הערט, אַז װִי בּאַלד אַ מעדעל װערט אַ פֿרױ, בּײַטען זִיך בּײַ אִיהר דִי אױגען. ס'אִיז נִישט אמת! בּײַ מִיר האָבּען זִיך געבִּיטען דִי אױגען פֿון זינד אִיך בִּין געװאָרען אַ מוּטער.

סאָניאַ. — װִידער דאָס אײגענע!

אִ י ד אַ (זעֶצט זִיךְ). — העֶר, סאָניאַ, פַֿאַר דִיר האָבּ אִיךְ זִיךְ קיֵינמאָל נִישט געֶשעֶמט. כ'ווִעל דִיר דעֶרצעֶהלעֶן אַ פּאָר זאַכעֶן — — נעֶהם, אַ שטיֵיגעֶר ווִי אִיךְ לעֶבּ אִיצט מִיט אַבּראַשאַ'ן — נוּ, אִיךְ ווִעל זִיךְ נִישט שעֶמעֶן, אִיךְ ווִעל דִיר זאָגעֶן פּראָסט. כ'האָבּ אַלעֶ מאָל געֶהאַט אַ טעֶמפּעֶראַמעֶנט, פֿוּן דעֶרכטוועֶגעֶן, פֿוּן דעֶסטוועֶגעֶן, — פֿרִיהעֶר מִיט צווִיי יאָהר, — ס'קאָן זיַין, אַז כ'האָבּ דאַמאָלס מעֶהר לִיעֶבּ געֶהאַט אַבּראַשאַ'ן. — פֿוּן דעֶסטוועֶגעֶן האָבּ אִיךְ דאַמאָלס נִישט אַזוֹי געֶדאַרפֿט האָבּעֶן אַבּראַשאַ'ן ווִי היַינט — — פֿעֶרשטעֶהסט, וואָס אִיךְ ווִיל זאָגעֶן? עֶר האָט דאַמאָלס געֶקאָנט אַוועֶקפֿאָהרעֶן, און היַינט — זאָלסט ווִיסעֶן, ווִי אִיךְ בִּין זִיךְ אַלייֵן מִיאוּס דעֶרפֿאַר. בּרר! (זִי לעֶגט זִיךְ אַוועֶק און דעֶקט צוּ דאָס געֶזִיכט מִיט דִי העֶנד).

ס אָ נ י אַ. — דאָס אִיז אַלעֶ מאָל אַזוֹי.

אִ י ד אַ (חאַפּט זִיךְ העֶפֿטִיג אוֹיף). — כ'זאָל נִישט האָבּעֶן אִיצט קיֵין קִינד, וואָלט נִישט געֶווֶעֶן אַזוֹי!

ס אָ נ י אַ (סטאַרעֶט זִיךְ שמיֵיכלעֶן). — וואָס זשעֶ אִיז דאָ דיֵער אוּמגלִיק אַזוֹי!

אִ י ד אַ. — כ'ווִיל עֶס נִישט, כ'קאָן זִיךְ אַלייֵן נִישט ליַידעֶן! פֿאַרוואָס אִיז אַבּראַשאַ געֶבּלִיבּעֶן דעֶר אֵייגעֶנעֶר? עֶר האָט נִישט אָנגעֶהוֹיבּעֶן עֶלטעֶר ווֶערעֶן. נאַ דִיר נאָךְ מעֶהר: אַ מאָל פֿלעֶגט עֶר מִיר אַלץ דעֶרצעֶהלעֶן, היַינט בּעֶהאַלט עֶר פֿוּן מִיר אַסךְ, גליַיךְ ווִי אִיצט דאַרף מעֶן מִיר שוֹין אַלץ נִישט זאָגעֶן. (ווִי זִי דעֶרמאַהנט זִיךְ). — אַמאָל פֿעֶרגעֶסט עֶר זִיךְ. פֿאַר אַ פּאָר טעֶג זאָגט עֶר מִיר: „לאָמִיר גאָר אַפֿאָהר טהוּן קיֵין אוֹיסלאַנד". — אִיךְ זִיץ און שמיֵיכעֶל. — „וואָס שמיֵיכעֶלסטוּ?" — פֿרעֶגט עֶר מִיךְ. — און דאָס קִינד? — „כ'האָבּ גאָר פֿעֶרגעֶסעֶן", עֶנטפֿעֶרט עֶר. אָט אַ דעֶם „כ'האָבּ גאָר פֿעֶרגעֶסעֶן" פִֿיהל אִיךְ, אַז עֶר לִיעגט אִיהם שטעֶנדִיג אוֹיף די ליפּעֶן.

ס אָ נ י אַ. — און מִיט דעֶם קִינ[illegible]

אִ י ד אַ. — אוֹיף דִי פֿוּפֿצִיג רוּבּל, וואָס דעֶר טאַטעֶ שִיקט מִיר אַלעֶ מאָנאַט? דוּ קוּקסט אוֹיף דעֶם, וואָס דאָ אִיז דאָ? דאָס האָט מִיר דעֶר טאַטעֶ אֵיינמאָל געֶקוֹיפֿט. אַבּראַשאַ פֿעֶרדִיענט נִישט די גרוֹיסעֶ געֶלדעֶן.

ס אָ נ י אַ (זִיצט פֿעֶרטראַכט).

אִ י ד אַ (געֶהט אַרוּם).

ס אָ נ י אַ. — לאָמִיר היַינט געֶהן אִין טעֶאַטעֶר.

אִ י ד אַ. — און דאָס קִינד? מען קאָן אִיהם לאָזען דרײַ שעה אָהן זויגען?

ס אָ נ י אַ. — כ'האָב גאָר פֿערגעסען.

אִ י ד אַ. — זעהסט, אָט זאָגסטו אויך: „כ'האָב גאָר פֿער-געסען". אוי, אָ דער „כ'האָב גאָר פֿערגעסען", — איך פֿערגעס קיינמאָל נישט. (דרעהט זיך אַ ווײַלע אַרום נערוועז, בּיסעלכווײַז בּערוהיגט זי זיך, געהט און זעצט זיך נעבען סאָניאַ'ן). — דו זויגסט נישט אַליין דאָס קִינד?

ס אָ נ י אַ. — ניין, אַנִיט וואָלט איך נישט געקאָנט קומען צו דיר צו גאַסט אַפִּילוּ אויף איין טאָג.

אִ י ד אַ. — ווי לעבט זיך דיר?

ס אָ נ י אַ (ענטפֿערט נישט בּאַלד). — אַזוי זיך.

אִ י ד אַ (חזר'ט איבּער). — אַזוי—זיך —

ס אָ נ י אַ. — מײַן נישט, אַז מיר לעבּט זיך שלעכט.

אִ י ד אַ. — כ'מײַן עס נישט נאָר דאָס איז אֶמת: בּיזט שוין נישט אַזאַ לעבּעדיגע ווי אַמאָל.

ס אָ נ י אַ. — פֿערשטעהט זיך.

אִ י ד אַ. — פֿאַרוואָס פֿערשטעהט זיך? אַח, כ'האָב גאָר פֿערגעסען, דו בּיזט דאָך אַ מוטער, ווי איך.

ס אָ נ י אַ. — גלייך מיך נישט צו דיר. בּײַ מיר איז דאָס מײַן גאַנץ לעבּען. פֿערקעהרט, ס'קאָן זײַן, אַז ווען איך זאָל איצט נישט זײַן אַ מוטער, וואָלט מיר געווען אַסך ערגער.

אִ י ד אַ (קוקט לאַנג אויף סאָניאַ'ן). — סאָניאַ, זאָג דעם אֶמת, דו האָסט זיך נישט געבּיטען צו סאַשאַ'ן?

ס אָ נ י אַ (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ). — ניין, סאַשאַ'ן האָבּ איך ליעבּ.

אִ י ד אַ. — וואָס זשע דען?

ס אָ נ י אַ. — ווי זאָל איך דיר זאָגן? סאַשאַ איז געוואָרען אַנ'אַנדער מענש. און אֶפּשר האָבּ איך דאָס פֿריהער מיט צווײַ יאָהר נישט בּעמערקט.

אִ י ד אַ. — איהר קריעגט זיך אֶפּשר?

ס אָ נ י אַ. — ניין, אידאַ, מיר קריעגען זיך נישט. סאַשאַ האָט מיך נישט ווענִיגער ליעבּ ווי פֿריהער. נאָר מיר פֿעהלט עפּעס.

אִ י ד אַ (פֿערטראַכט). — אַה דיר פֿעהלט אויך עפּעס!

ס אָ נ י אַ. — פֿערשטעהסט, סאַשאַ איז געוואָרען אַ גאַנצער

בעל־הבית, צו אַלץ קוקט ער זיך צו, גאַנצע טעג האָט ער צו טהון מיט׳ן קינד און מיט׳ן בעל־הבית׳ישקייט. און דו ווייסט, וואָס ס׳איז ערגער פֿון אַלץ? אַז איך הויב אַמאָל אָן ווייגען — פֿערשטעהסט, מען קאָן זיך אַמאָל נישט איינהאַלטען, — קאָן איך סאַשאַ׳ן קיינמאָל נישט זאָגען וואָס איך וויין (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל). — אַז איך פרוב זיך אַמאָל איהם געבען צו פֿערשטעהן, וואָס איך מיין, קוקט ער מיך אָן ווי אַ משוגע׳נע. ער ווייסט איין זאַך: „נו, אַ פֿאָלק!“ — דאָס מיינט ער אונז, די פֿרויען, אַז מיר דאַרפֿען גלאַט אין דער וועלט אַריין ווייגען. אָח, אידאַ, אידאַ, ס׳ווייגט זיך אַמאָל, ווייל ס׳איז נישט גוט אויפ׳ן האַרצען. (ווי צו זיך אַליין). — איצט איז נאָך סאַשאַ אַ סטודענט, און נאָכדעם — — (זי לעגט אַוועק די קאָפּ אויף אידאַ׳ס ברוסט).

אידאַ (גלעט איהר די האָר). — דיר לעבט זיך אויך נישט אַזוי פֿרעהליך?

סאָניאַ (די טרערען לאָזען איהר נישט רעדען, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ).

אידאַ. — דו געדיינסקט מיט אָנדערמהאַלבען יאָהר צוריק, פֿאַר דער חתונה?

סאָניאַ (קוקט אויף אידאַ׳ן, פֿון די אויגען פֿאַלען איהר איינציגע טרערען).

אידאַ. — געדיינקסט ווי דו האָסט מיך דאַמאָלס געשלעפּט טאַנצען?

סאָניאַ (שמייכעלט פֿון טרערען אַרוים). — כ׳געדיינק.

אידאַ. — דאַמאָלס בעסער געווען?

סאָניאַ (ווי פֿריהער). — דערמאַהן מיך נישט.

אידאַ. — נו, וויין נישט.

סאָניאַ (הויבט אָן שטיל ווייגען).

אידאַ (שטעלט זיך אויף און שטעלט אויף סאָניאַ׳ן מיט גוואַלד). — קום, סאָניאַ, לאָמיר נאָך אַמאָל טאַנצען, פֿאַר מאַמעס פאַסט אַפּילו נישט טאַנצען, נאָר לאָמיר טאַנצען נאָך איין מאָל, דאָס לעצטע מאָל. (זי ציהט סאָניאַ׳ן נאָך זיך און זיי הויבען ביידע אָן טאַנצען, פֿריהער פּאַמעליך, נאָכדעם אַלץ גיכער; אין אָנהויב ליעגט סאָניאַ׳ס קאָפּ אויף אידאַ׳ס אַקסעל, נאָכדעם הויבט זי אויף דעם קאָפּ און טאַנצט אַזוי מיט אַ פֿערווייגט געזיכט. בשעת דעם טאַנצען, זינגט אידאַ צו צום

טאַקט, נאָר איהר שטימע ווערט אַלץ טרויעריגער, ביז אין איהר הויבען זיך אָן הערען טרערען און אידאַ הערט אויף זינגען. אין אַ ווײַלע אַרום הויבט זי אָן נאָך אַמאָל זינגען, אָבער דאָס מאָל איז דאָס זינגען שוין האַלב געוויין. זיי מיינצען נאָך אַביסעל שטיל און פֿאַלען צום סוף ביידע אַניידער אויף דער סאָפֿאַ, אידאַ׳ס קאָפּ אויף סאָניאַ׳ס ברוסט. ביידע וויינען אַ צייט שטיל).

סאָניאַ (הערט די ערשטע אויף וויינען און ווישט אויס די אויגען. אידאַ וויינט נאָך שטיל). — אידאַ, דו האָסט אויך אויף וואָס צו וויינען? דו האָסט דען נישט אַזוי געוואָלט לעבען, ווי דו לעבסט איצט?

אידאַ (וויינענדיג). — וואָס האָב איך עס געדאַרפֿט, וואָס האָב איך עס געדאַרפֿט.

סאָניאַ. — וואָס?

אידאַ. — דאָס קינד, דאָס קינד.

סאָניאַ. — דו האָסט עס דען נישט ליעב?

אידאַ (הערט אויף וויינען). — סאָניאַ, דו וועסט מיר אפּשר נישט גלויבען. כ׳האָב עס אי ליעב, אי פֿיינד. (מיט גלאַנצענדיגע אויגען). — דו זאָלסט וויסען, ווי איך האָב עס צייטענווייז פֿיינד! דאָס רוב בשעת איך זויג עס. איך פֿיהל דאַמאָלס, אַז נישט מיין מילך אַליין זויגט עס, נאָר עס זויגט מיין נשמה אויך. איך פֿיהל, אַז וואָס מעהר דאָס קינד וואַקסט און ווערט גרעסער. און ווערט מעהר מענש, אַזוי ווערט ביי מיר ווייניגער נשמה.

סאָניאַ. — איך פֿערשטעה עס נישט.

אידאַ. — דו פֿערשטעהסט עס נישט. נו, וואָס זאָל איך טהון, אַז איך פֿיהל עס פֿאָרט! אַמאָל טרעפֿט, אַז אַבראַשאַ שטעהט בשעת איך זויג דאָס קינד, און ער גלעט עס און קושט עס, סאָניאַ, איך פֿיהל, אַז מעהר ווי דעם גלעט און דעם קוש ניט ער דעם קינד נישט, און איך גיב איהם די נשמה.

סאָניאַ. — ער קאָן דעם קינד נישט געבען די נשמה.

אידאַ. — ער קאָן דעם קינד נישט געבען די נשמה, און איך וויל איהם נישט געבען די נשמה! פֿון דעסטוועגען מוז איך זי איהם געבען. איך וויל עס נישט, איך וויל אַליין לעבען מיט מיין גאַנצער נשמה.

סאָניאַ. — מען קאָן מיינען, אַז דאָס לאָזט דיך נישט לעבען.

אִ י ד אַ. — אַודאַי לאָזט ער מיך נישט לעבען! אַז אַבראַשאַ קומט צו געהן, פֿרעגט ער אַלע מאָל פֿריהער וואָס דאָס קינד מאַכט, און נאָכדעם גיט ער מיך אַ קוש.

ס אָ נ י אַ. — און דאָס האַרט דיך?

אִ י ד אַ. — מיינסט, מיר ווייזט זיך אויס, אַז אַבראַשאַ האָט מיך וועניגער ליעב? איך פיהל נאָר, אַז מען האָט אַ קינד דאַרף מען וועניגער האָבען אי ליעבע, אי פֿערגניגען, אי גליק. און וועלען וויל מען אויך וועניגער.

ס אָ נ י אַ. — ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען, אידאַ? דיר מוז עפּעס אַ זאַך ליעגען אויפ׳ן האַרצען.

אִ י ד אַ. — עפּעס אַ זאַך? (פֿערטראַכט). — עפּעס אַ געוויסע, אַ בעזונדערע זאַך? איך ווייס אַליין נישט, אֶפֿשר בּיזטו אַבּיסעל גערעכט — — געדיינקסט, אַז צווישען מיר און אַבראַשאַ׳ן איז עפּעס פֿאָרגעקומען מיט אָנדערטהאַלבען יאָהר צוריק, פֿאַר אונזערע חתונות?

ס אָ נ י אַ. — דו מיינסט דעם טאָג בשעת מיר האָבען גע-טאַנצט? איך מיט סאַשאַ׳ן זענען מיר אַוועקגעגאַנגען, און אַז איך בין געקומען האָב איך דיך געטראָפען ליעגען אין בעט. איך געדיינק נאָך, אַז דו האָסט מיר דאַמאָלס געזאָגט: „ווי גרינג איז געווען לעבען פֿריהער מיט צוויי חדשים". — כ׳האָב געוואוסט, אַז כ׳איז עפּעס צווישען אייך פֿאָרגעקומען. דאָס מיינסטו?

אִ י ד אַ. — דאָס מיין איך. עפּעס איז דאַמאָלס פֿאָרגעקומען כ׳וואָלט עס שוין לאַנג געוועזן פֿערגעסען, ווען איך זאָל נישט געווען זיין קיין מוטער. מיר ווייזט זיך אויס, מיר ווייזט זיך אויס — —

ס אָ נ י אַ. — וואָס ווייזט זיך דיר אויס?

אִ י ד אַ (ציהט צו צו זיך סאָניאַ׳ן און גלעט איהר די האָר). — מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך האָב דאַמאָלס געקאָנט אוועקגעהן פֿון אַבראַשאַ׳ן.

ס אָ נ י אַ (פֿערוואונדערט, שטיל). — אידאַ!

אִ י ד אַ. — פֿערשטעהסט, ווייל איך האָב שוין דאַמאָלס געוואוסט, אַז איך דאַרף ווערען אַ מוטער, און אַוועקגעהן אין אַזאַ צייט — פֿערשטעהסט דאָך, — דערפֿאַר ווייזט זיך מיר איצט אויס, אַז איך האָב יאָ געדאַרפֿט אַוועק. (איהר געזיכט דריקט אויס אַנגסט, זי רייבּט דעם שטערען מיט דער האַנד). — איך בין שוין דאַמאָלס נישט געווען פֿריי אין מיינע געדאַנקען און

גערפֿיהלען. (נאָך אַ מינוט פֿון שטילשווייגען, מיט אַנגסט). — פֿערשטעהסט, דאָס ווייזט זיך מיר נאָר אויס, מעהר נישט.

סאָניאַ. — ווייטער דאָס אייגענע!

אידאַ (רוהיג און טרויעריג). — ווייטער דאָס אייגענע.

(אַ פּויזע בײדע האַלטען זיך ביי די הענד).

סאָניאַ (שטעהט אויף). — קום זיך דורך אַביסעל אַזוי פֿיעל נישט פֿרעהליכעס זיך אָנגערעדט.

אידאַ. — לאָמיר וואַרטען ביז די דינסט וועט קומען מיט'ן קינד, זי איז נישט אויף לאַנג אַוועקגעגאַנגען. זי וועט זיך נאָר אַ ביסעל דורכגעהן מיט'ן קינד זי וועט שוין מסתמא באַלד קומען.

סאָניאַ (דרעהט זיך אַרום, פֿאַרבײגעהענדיג פֿאַר'ן טיש דערזעהט זי דאָס אָנגעשריבענע קאַרטעל, נעהמט עס אין האַנד און לעגט עס צוריק אַוועק). — וואָהין שרייבסטו דאָס?

אידאַ. — אַ היים.

סאָניאַ. — מיר דאַכט זיך, אַז דו האָסט ערשט נעכטען געשריבען.

אידאַ. — היינט שרייב איך, אַז איך האָב געקריגען די פּופּציג רובל. אַזוי איז שוין אײנגעפֿיהרט, אַז איך שרייב באַלד ווי איך בעקום. היינט בעט מען מיך אַ היים, שרייב איך, אַז איך וועל איצט נישט קומען. ברר! פֿאָהרען מיט אַ קליין קינד!

סאָניאַ. — די גאַנצע אָנדערטהאַלבען יאָהר שיקט דיר דער טאַטע צו פּופּציג רובל?

אידאַ (ציהט אויס די ווערטער). — די גאַנצע אָנדערט=האַלבען יאָהר.

סאָניאַ (שטעלט זיך אָב נעבען אידאַ'ן). — אידאַ, ווי איך פֿערשטעה, איז דיר דאָס נישט אַזוי אַנגענעהם?

אידאַ. — דעם טאַטענס געלד?

סאָניאַ. — כ'מיין, קריגען חדש-געלד — —

אידאַ. — מיר איז נאָך ווי ס'איז. זעהסטו, אַבראַשאַ'ן איז דאָס שטאַרק נישט אַנגענעהם. פֿערשטעהסט, דער טאַטע גיט דאָס געלד נישט ווייל ער וויל, נאָר ווייל ער מוז.

סאָניאַ. — און דו מוזט נעהמען —

אידאַ (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל). — און דאָס קינד, האָסט פֿערגעסען?

ס אָ נ י אַ . — וואָס זשע איז דאָרט, אַז מען נעהמט בײַ
אַ טאַטען — —

א י ד אַ . — זאָלסט וויסען — ווען נישט דאָס קינד — — (זי
לאָזט אַראָב דעם קאָפּ אויף די הענד און פּערטראַכט זיך . סאָניאַ
דרעהט זיך אַוועלע אַרום, נאָכדעם עפענט זי די טהיר פון׳ם
באַלקאָן, געהט אַרויס און קומט באַלד צוריק אַריין) .

ס אָ נ י אַ (געהט צו צו אידאַ׳ן מיט אַ שמייכעל) . — זאָלסט
וויסען, ווי מיר בענקט זיך .

א י ד אַ . — נאָך ווּעמען, נאָך סאַשאַ׳ן ?

ס אָ נ י אַ . — נאָך סאַשאַ׳ן — און נאָכ׳ן קינד .

א י ד אַ . — איך בין דיר מקנא .

(אַ פּויזע. ס אָ נ י אַ דרעהט זיך אַרום און אידאַ זיצט
האַלב ליעגענדיג אויף דער סאָפאַ . ס׳הערט זיך דורך
דער טהיר רעכטס אַ קלאַפּ, אידאַ שפּרינגט אויף) .

א י ד אַ . — דאָס געהט שוין מסתמא די דיענסט מיט׳ן
קליינינקען . (מיט אַ שמייכעל) . — פון דעסטוועגען — זעהן ווילט
זיך איהם . (זי לויפט אַרויס דורך דער טהיר רעכטס) .

ס אָ נ י אַ (בלייבט אַליין אין צימער, נעהמט אַ בוך זעצט
זיך אויף דער סאָפאַ . ס׳דערהערט זיך אַ קלונג . זי לויפט אַרויס
דורך דער טהיר לינקס עפענען, און קומט באַלד אַריין מיט
אַבראַשאַ׳ן) .

אַ ב ר אַ ש אַ (וואַרפט אַוועק דעם הוט־ אויף אַ שטול און
זעצט זיך) . — איהר זענט איינע אַליין, סאָניאַ? וואו איז אידאַ?
איהר ווייסט נישט, וואָס מאַכט מיין יורש? כ׳האָב איהם, כ׳האָב
איהם שוין פיער שעה נישט געזעהן . געשעפטען עפּעס דרעהט
זיך אַ ניי געשעפט .

ס אָ נ י אַ . — מען האָט איהם ערשט געבראַכט פון שפּאַ־
ציער . אידאַ איז דאָרט ביי איהם .

אַ ב ר אַ ש אַ . — כ׳האָב היינט אפשר הונדערט מאָל געהענדיג
אין גאַס געזעהן מיין זוהן . ס׳איז היינט אַ שענער טאָג, און אויף
צו להכעיס, האָט מען מיר דעם גאַנצען וועג געטראָגען קינדער
אַ קענען און אַלע מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז איך זעה
מיין פּיצעלע מיט די שוואַרצע אויגלעך .

ס אָ נ י אַ . — איהר האָט זעהר ליעב אייער קינד, ווי איך
זעה. מיר דאַכט זיך, אַז נאָך מעהר ווי אידאַ האָט איהם ליעב .

אַ ב ר אַ ש אַ . — כ׳האָב איהם ליעב, כ׳האָב איהם שטאַרק

ליעב, און ווילט איהר אֶפּשר ווּיסען, ווי האָט זיך דאָס אַזוי אויס-געמאַכט, אַז איך, אַ ווינד אין פעלד, וואָס האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען מיט חלומות, וואָס איך בין אַזוי ווייט געווען פון אַ בעל־הבית'ישען לעבען, האָב זיך אַזוי גיך אַראָבגעלאָזט און האָב מיין גאַנצע נשמה אַריינגעלעגט אין מיין ליעבע צו דעם פיצעלע קינד?

ס אָ נ י אַ. — איך רעכען, ווייל איהר האָט אַזוי ליעב אידאַ'ן — —

אַ ב ר אַ ש אַ (ווי ער דערמאָהנט זיך, שרייט). — אידאַ, קום גיכער מיט, תכשיט! — (פון'ם צווייטען צימער הערט זיך אידאַ'ס קול: „באַלד באַלד, לאָמיך איהם געבען עסען".) — ווייל איך האָב אַזוי ליעב אידאַ'ן? יאָ, איהר זענט גערעכט. אָבער אין דעם איז דאָ נאָך אַ סבה. מיר איז פון די אַלע חלומות, וואָס איך האָב זיך מיט זיי אַרומגעטראָגען מיין גאַנצע יוגענד, גאָרנישט געבליבען. כ'האָב זיך געוואָרפען אַהין און אַהער, כ'האָב זיך און יענעם גענאַרט, איצט, איצט — בין איך מיעד.

ס אָ נ י אַ (רוקט זיך נעהענטער צו צו איהם מיט איהר בענקעל). — און איהר ווילט זיך אָברוהען?

אַ ב ר אַ ש אַ. — אָט, אָט, איהר האָט דאָס ריכטיג גע-טראָפען. (פערטראַכט, קוקט מיר אַ שמייכעל סאָניאַ'ן אין די אויגען). — מיט אידאַ'ן רעד איך קיינמאָל נישט וועגען דעם. אידאַ וויל נישט פערשטעהן, אַז איך וויל זיך אָברוהען, אידאַ קאָן נישט פערשטעהן.

ס אָ נ י אַ. — אידאַ מיינט, אַז דאָס קינד לאָזט אייך נישט, אַז איהר זענט צוליעב איהם געבונדען.

אַ ב ר אַ ש אַ (מיט אַ שמייכעל). — איך בין צוליעב דעם קינד געבונדען? ניין. כ'האָב פשוט נישט וואָהין צו געהן. זאָל מיך עפּעס אַ נייער חלום ערגעץ אַוועקרייסען, וואָלט מיך דאָס קינד נישט אָבגעהאַלטען. אָבער איך רייס זיך איצט אין ערגעץ נישט.

ס אָ נ י אַ. — איהר רעדט דאָס אַזוי, אַבראַשאַ? אייך ווילט זיך אַזוי אויף שטענדיג בלייבען אויף איין וואַרעם אָרט? אַבראַשאַ, אַפילו מיר האָט אַזאַ לעבען דערעסען —

אַ ב ר אַ ש אַ. — דערוועיל וויל איך אַזוי לעבען, סאָניאַ. אין אַ מאָנאַט אַרום, אין אַ יאָהר אַרום, אין צוויי יאָהר אַרום

קאָן עס מיך ווידער אַ ריס טהון, דאַמאָלס וועל איך ווידער ווערען דער אַמאָליגער ווינד אין פֿעלד.

סאָניאַ. — דאָס ווייסט בײַ אייך אידאַ?

אַבראַשאַ. — אַז איך בין נאָך אין גאַנצען נישט אָבּ־געקיהלט געוואָרען, אַז אין אַ פּאָר יאָהר אַרום קאָן איך פֿון זיך אַראָבּוואַרפֿען דעם שימעל? זי ווייסט עס. אידאַ קען מיך.

סאָניאַ. — מיר דאַכט זיך, אַז אידאַ'ן דאַרף דאָס גאָר נישט אַזוי שטאַרק אינטערעסירען.

אַבּראַשאַ (פֿערוואונדערט). — פֿאַר וואָס מיינט איהר אַזוי?

סאָניאַ. — איהר זאָגט: אין אַ פּאָר יאָהר אַרום, — און אַ פֿרוי ווערט גיכער אַלט — די נשמה ווערט בײַ איהר גיכער אַלט. אַ פֿרוי וויל גוט אָבּלעבען די ערשטע דרײַ פֿיער יאָהר מיט דעם וואָס זי האָט ליעב. (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל). — פֿרעגט מיך, איך וויים דאָס פֿון זיך אַליין.

אַבּראַשאַ (שטעהט אויף). — איהר זענט אפשר גערעכט. אַ מאַנספּערשאָן ווערט אַזוי גיך נישט אַלט. (ער געהט צו צו דער טהיר רעכטס און שרײַט). — אידאַ, ס'וועט האָבען אַמאָל אַנ'עק? (צו סאָניאַ'ן). — איהר האָט זיך מסתמא אויסגערעדט די הערצער מיט אידאַ'ן? (שמייכעלט). — נו וועמען איז בעסער?

סאָניאַ. — ס'איז אונז בײַדע גוט...

אַבּראַשאַ (קוקט זיך איין אין איהר געזיכט). — איהר זאָגט עס מיט איראָניע?

סאָניאַ. — וועגען איינער פֿון אונז זאָג איך געוויס מיט איראָניע.

אַבּראַשאַ. — פֿון אייך וועלען מיר איצט נישט רעדען אָבער אידאַ'ן קאָנט איהר געוויס נישט מיינען.

סאָניאַ (לאַכט). — פֿאַרוואָס?

אַבּראַשאַ (רעדט האַלב—ערנסט, נאָר אינסטינקטיוו בעקומט זײַן גאַנצע פֿיגור אַנ'אויסדרוק פֿון גדלות). — איהר רעכענט, אַז פֿון אַלע מײַנע חלומות, אַז פֿון אַלע מײַנע קרעפֿטען, וואָס איך האָב גערעכענט, אַז איך האָב, איז מיר גאָרנישט געבּליבען, אַפֿילו נישט די מעגליכקייט צו געבען גליק אַ פֿרוי?

סאָניאַ. — און אַז ס'זאָל זיך אַרויסווײַזען, אַז איהר קאָנט נישט געבען אַ פֿרוי קיין גליק?

אַבּראַשאַ (פֿערוואונדערט, געהט מיט אַראָבּגעלאָזטע קאָפּ צו דער באַלקאָן־טהיר און בלײַבּט דאָרט שטעהן). —

דאַמאָלס קאָן איך טראַכטען איין זאַך: אַז די פֿרוי האָט מיך נישט ליעב.

סאָניאַ (קוקט אויף איהם אַ ווײַלע). — אַבראַשאַ, אידאַ האָט אייך ליעב.

אַבראַשאַ (קלאַפּ מיט די פֿינגער אויף די שויבען פֿון דער באַלקאָן טהיר). — כ'ווייס — נאָר וואָס זשע קאָן דאָס זײַן וואָס איהר האָט געזאָגט?

סאָניאַ (צולאַכט זיך פּלוצלינג אויף אַ קול, לאַכט אַזוי אַ מינוט אַביסעל נערוועז, אָבער פֿרעהליך, דרעהט זיך לאַכענדיג אַרום טיש). — אַבראַשאַ, אַבראַשאַ, קאָנען געבען גליק אַ פֿרוי איז אַ גרויסע זאַך, אַ גרויסע זאַך. און נאָך אַזאַ פֿרוי ווי אידאַ.

אַבראַשאַ (קוקט אויף איהר פֿערטראַכט).

אידאַ (קומט אַרײַן דורך דער טהיר רעכטס). — וואָס לאַכסטו, סאָניאַ?

סאָניאַ (נאָך אַלץ פֿרעהליך). — ווי איז נאָך דײַן מיינונג: געבען אַ פֿרוי גליק קאָן יעדער מאַנספּערשוין?

אידאַ. — איך ווייס פֿון זיך: מײַן מאַנספּערשוין קאָן מיר געבען גליק. (קוקט אויף אַבראַשאַ'ן און שמייכעלט).

אַבראַשאַ (געהט צו צו איהר און גיט זי אַ קוש אין שטערען, צו סאָניאַ'ן). — איהר זעהט? (צו אידאַ'ן). — וואָס מאַכט מײַן תּכשיט?

אידאַ (גיט אַ קוק צו סאָניאַ'ן). — ער שלאָפֿט.

אַבראַשאַ (קוקט פֿון איינער צו דער צווייטער). — וואָס האָסטו געקוקט אויף איהר, אידאַ? וועגען מיר עפּעס?

אידאַ. — וועגען דיר.

אַבראַשאַ. — כ'טאָר נישט וויסען.

אידאַ (טראַכט אַ ווײַלע). — כ'וועל דיר זאָגען, נאָר דו זאָלסט מיר ענטפֿערען דעם אמת.

אַבראַשאַ. — גוט. נו, זאָג.

אידאַ. — איך האָב דאָ גערעדט מיט סאָניאַ'ן, האָב איך איהר דערצעהלט, אַז אַלע מאָל ווען דו קומסט אַהיים, פֿרעגסטו פֿריהער וואָס דײַן זוהן מאַכט, נאָכדעם ערשט פֿרעגסטו וואָס איך מאַך. (קוקט איהם אין די אויגען אַרײַן, איהר געזיכט ווערט בשעת זי רעדט וואָס אַמאָל ערנסטער).

אַבראַשאַ (שווײַגט, זעהט אויס ווי פֿערטראַכט).

אידאַ (מיט אַנגסט). — נו?

אַבראַשאַ. — דו פֿרעגסט מיך אַ מאָדנע פֿראַגע — נאָר אויב דו ווילסט, איך זאָל דיר עפּעס ענטפֿערען, ס׳איז איינענ־טליך נישטאָ וואָס צו ענטפֿערען — — דו מיט׳ן קינד זענט איהר ביי מיר ביידע איינס, איהר ביידע זענט ביי מיר איין אידאַ, — ס׳איז גלאַט אַ מאָדנע זאַך וואָס דו פֿרעגסט.

אידאַ (מיט אַנגסט, וואָס זי סטאַרעט זיך פֿערבאָרגען). — הייסט עס, איך בין אַ האַלבע זאַך און דאָס קינד איז אַ האַלבע זאַך. (געהט צו צום באַלקאָן, מיט אַ נערוועזען געלעכטער). — אַמאָל בין איך אַליין געווען די גאַנצע אידאַ, היינט איז דאָ דאָס קינד, דאָס קינד.

אַבראַשאַ (מיט אַן׳אונצופֿריעדענעם טאָן). — ווייטער דאָס איינענע.

אידאַ (פֿון דער באַלקאָן־טהיר). — דאָס איינענע — פֿאַר מיר איז דאָס ניי.

(ס׳ווערט אַ מינוט שטיל. אידאַ שטעהט אָבגעקעהרט צו דער טהיר, סאָניאַ געהט און זעצט זיך אויף דער סאָפֿאַ און בלעטערט דאָס בוך, וואָס ליעגט דאָרט, אַבראַשאַ דרעהט זיך אַרום.)

אַבראַשאַ (בעמערקט דאָס קאַרטעל אויפֿ׳ן טיש, נעהמט עס אין האַנד אַריין, גיט עס אַ לייען איבער, צו אידאַ׳ן). — דו האָסט אָנגעשריבען אַ הײם?

אידאַ (שווייגט).

אַבראַשאַ (צו אידאַ׳ן.) — כ׳האָב דיר נאָר פֿערגעסען זאָגען. כ׳האָב היינט ווידער געזעהן שערמאַן׳ען.

אידאַ (גיט זיך אַ דרעה אוים צו איהם). — נו?

אַבראַשאַ. — ער לעגט מיר ווידער פֿאָר די שטעלע.

אידאַ. — פֿאַר פֿופֿציג רובל אַ מאָנאַט?

אַבראַשאַ. — יאַ, די ערשטע צייט.

אידאַ. — נו, וואָס האָסטו איהם געענטפֿערט?

אַבראַשאַ. — וואָס איז דען וואָס צו רעדען, מ׳קאָן דאָך סיי ווי סיי נישט זיין, איך קאָן דאָך נישט אָננעהמען אַ שטעלע אין דער פֿרעמד פֿאַר פֿופֿציג רובל אַ מאָנאַט.

אידאַ. — פֿאַרוואָס?

אַבראַשאַ (מיט אַ אונצופֿריעדענעם טאָן). — אידאַ, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך קאָן דיר נישט זיין, אַז איך וויל

אָהן דיר נִישט זײַן אַפִּילוּ אײן טאָג, — איז דאָך נִישטאָ וואָס צוּ רעדען.

אִ י ד אַ. — וואָס זשע וועט זײַן?

אַ בּ ר אַ ש אַ. — וועט דערווײַל בּלײַבּען אַזוי ווִי ס׳אִיז.

אִ י ד אַ. — אַ קעגען וואָס זשע האָסטוּ מִיר דערצעהלט וועגען דער שטעלע, ווִי בּאַלד דוּ ווײסט, אַז דוּ קאָנסט זִי נִישט אָנ־נעהמען? גלאַט אַזוי זִיך?

אַ בּ ר אַ ש אַ (געהט אַרוּם אִיבער׳ן צִימער). — צוּלִיעבּ וואָס אִיך האָבּ דִיר דערצעהלט? בּ׳ווײס אַלײן אויך נִישט. נאָר דוּ ווײסט דאָך אַלײן, ווִי ס׳אִיז שווער דײַן טאַטען׳ס געלד. (ווײַזט אויפ׳ן קאַרטעל, וואָס לִיעגט אויפ׳ן טִישׁ). — כ׳ווִיל אַזוי פּטוּר ווערען פוּן דעם געלד, מִיר זאָלען קאָנען לעבּען אָהן דעם. נאָר ס׳לאָזט זִיך נִישט, ס׳לאָזט זִיך נִישט. דערפאַר האָבּ אִיך דִיר דערצעהלט וועגען דער שטעלע. אִידאַ, ס׳וואָלט נִישט געוועזען שלעכט, אִיך זאָל קאָנען נעהמען דִי שטעלע. דאָס אִיז אַזאַ שטעלע, וואָס מען קאָן געהן ווײַטער, אִין אַ שטיקעל צײַט אַרוּם וואָלטען מִיר געקאָנט לעבּען אָהן דעם טאַטענס געלד. בּ׳קאָן שוין מעהר נִישט נעהמען בּײַ דײַן טאַטען דאָס געלד. ער גִיט דאָס מִיר אַ נדבה.

אִ י ד אַ. — אַבּראַשאַ!

אַ בּ ר אַ ש אַ (געהט צוּ צוּ אִידאַ׳ן אוּן נעהמט זִי אָן בּײַ דער האַנד). — אִיך ווײס דען נִישט, אַז דוּ ווִילסט שוין אויך פּטוּר ווערען פוּן דעם געלד? אִיך דערקען אִין דײַן שרײַבּען דאָס קאַרטעל, ווִי שווער ס׳קוּמט דִיר אָן נעהמען דיזס געלד.

ס אָ נ י אַ (הויבּט זִיך שטִיל אויף אוּן געהט אַרוּם דוּרך דער טהִיר רעכטס).

אִ י ד אַ (קוּקט נִישט אויף אַבּראַשאַ׳ן, שווײַגט).

אַ בּ ר אַ ש אַ (וואַרט אָבּ אַבּיסעל). — נוּ, וואָס זאָגסטוּ? (הויבּט אָן אַרוּמגעהן נִישט ווײַט פוּן אִידאַ׳ן אַהִין אוּן צוּרִיק, ווִי צוּ זִיך אַלײן). — וואָס זאָלסטוּ זאָגען, אַז ס׳קאָן סײַ ווִי סײַ נִישט זײַן.

אִ י ד אַ (דרעהט זִיך אוּים צוּ אִיהם). — אַבּראַשאַ, אוּן אַז ס׳זאָל קאָנען זײַן —— ווִי ווֶעסט דוּ אָננעהמען אַ שטעלע, אִיך קײן דִיך נִישט, אַבּראַשאַ?

אַ בּ ר אַ ש אַ (בּלײַבּט שטעהן נעבּען אִיהר). — פאַרוואָס קאָן אִיך נִישט אָננעהמען קײן שטעלע?

אִ י ד אַ . — דוּ , מִיט דײַן חאַראַקטער , וואָס קאָן אויף זיך קײן יאָך נישט לײַדען — און גלאַט , אויף אַ ז אַ וועג וועט איצטער אַוועקגעהן אונזער לעבען ? דוּ געדיינקסט , וואָס דוּ האָסט מיר צוגעזאָגט ? דוּ האָסט געזאָגט , אַז דוּ וועסט פאַר מיר עפענען גאַנצע וועלטען , אַז ס'וועלען פאַר מיר אויפגעהן נײַע זונען — —

אַ בּ ר אַ ש אַ (קוקט איהר אין די אויגען אַרײַן) . — און איך האָב נישט מקים געווען ?

אִ י ד אַ . — דערווײַל , בּיז איצט — נאָך נישט — — כ'ווייס נישט , ווער ס'איז שולדיג .

אַ בּ ר אַ ש אַ . — איך . כ'האָב נישט געקאָנט .

אִ י ד אַ (קוקט מיט אַ טרויעריגען שמייכעל אַרוּם דורך דער טהיר פון באַלקאָן) .

אַ בּ ר אַ ש אַ . — וואָס שמייכעלסטוּ , אידאַ ?

אִ י ד אַ . — דוּ זאָגסט , אַז דוּ בּיזט שולדיג . דוּ האָסט נישט געקאָנט — — אָבער ווײַסט , איך דערמאַהן זיך אינ'ם ערשטען יאָהר פון אונזער בעקאַנטשאַפט , חאָטש מיר זענען דאַמאָלס ני־ט געווען אַזוי פיעל צוזאַמען , — מיר ווײַזט זיך אויס , אַז דאַמאָלס האָבען יאָ געשײַנט בּײַ אונז די זונען , אין מײַן קלײנעם צימער . אָבער נאָכדעם — האָב איך אָנגעהויבען מורא האָבען פאַר ווערען אַ מוטער , דערנאָך האָב איך געדאַרפט ווערען אַ מוטער , און שפּעטער בּין איך געוואָרען אַ מוטער , און דאָס לעצטע יאָהר בּין איך מיט אַ קלײן קינד . וואָס האָב איך אין אַזאַ צײַט גע־דאַרפט די זונען , דוּ זאָלסט זיי שוין געווען קאָנען מיר געבען ? און איצט —

אַ בּ ר אַ ש אַ . — און איצט — איך זאָל נעהמען די שטעלע — וואָלטען מיר געלעבט , און ס'וואָלט אונז נישט געווען שלעכט , ס'וואָלטען געווען שטילע , גליקליכע אָווענדען און זיסע נעכט . ?

אִ י ד אַ . — און דעם גאַנצען טאָג וועסטוּ זיצען אין קאַנטאָר ?

אַ בּ ר אַ ש אַ , — און נאָכדעם וועל איך קומען צוּ דיר . — דוּ האָסט מיך ליעב , אידאַ ?

אִ י ד אַ (לאַכט נערוועז) . — און אַלע חדש וועסטוּ מיר בּרענגען פּופציג רובל ?

אַ בּ ר אַ ש אַ . — און מײַן ליעבע נאָך דערצוּ .

אִ י ד אַ (מיט אַנגסט) . — און אַ דאָס וועט זײַן דאָס גאַנצע לעבען , דאָס גאַנצע לעבען , אַבראַשאַ ?

אַבראַשאַ. — דערווײַל, דערווײַל, אִידאַ, דִי וועלט אִיז גרויס, מִיר זענען נאָך בּײדע יונג און פרײַ.

אִידאַ. — און דאָס קִינד?

אַבראַשאַ (ווִי ער פרעגט). — און דאָס קִינד? (אִין אַ קורצע ווײַלע אַרום). — דאָס קִינד? (הויבּט אָן אַרומגעהן אִיבּער'ן צִימער, ווִי צו זִיך אַלײן). — מִיר שטערט דאָס קִינד נִישט — —

אִידאַ (ענטפערט אִיהם גאָרנִישט, שטעהט פערטראַכט בּײַ דער בּאַלקאָן־טהִיר).

סאָניאַ (שטעקט אַרײַן דִי קאָפּ דורך דער טהִיר רעכטס). — אִידאַ, דאָס קִינד האָט זִיך אויפגעכאַפּט. געה גִיבּ אַ קוק צו אִיהם.

אִידאַ. — דאָס קִינד? אִיך געה (געהט אַרויס דורך דער טהִיר רעכטס).

סאָניאַ (געהט אַרײַן דורך דער זעלבּער טהִיר, צִיהט זִיך אויף דער כּאָפאַ). אַבּראַשאַ, ס'אִיז נִישטאָ וואָס צו טהון.

אַבּראַשאַ. — דאָ, מײנט אִיהר? אײַך אִיז דאָ לאַנג־ווײַלִיג מִיט אִידאַ'ן?

סאָניאַ. — נִישט דאָ, מײַן אִיך. אַזוי זִיך, אִין דערהײם.

אַבּראַשאַ (פערטראַכט). — אַזוי (נעהמט אַ קאַרטעל און זעצט זִיך שרײַבּען).

סאָניאַ (ווִי צו זִיך אַלײן). — וואָס וואָלט אִיך, אַ שטײגער, געטהון גאַנצע טעג, ווען אִיך זאָל נִישט האָבּען מײַן מערעלע? אִיך קאָן זִיך מִיט אִיהר אָבּשפִּיעלען גאַנצע שעה'ען.

אַבּראַשאַ (שרײַבּט). — ס'קומט דען צו אײַך קײנער נִישט?

סאָניאַ (צִיהט זִיך אויף דער סאָפאַ). — אִיהר ווײסט, אַבּראַשאַ, ס'אִיז בּײַ אונז נִישט אִיבּעריג פרעהלִיך. אִין אַ שטוב וואו ס'אִיז נִישט פרעהלִיך, האָט קײנער נִישט לִיעבּ געהן.

אַבּראַשאַ (שרײַבּט). — ס'אִיז שוין בּײַ אײַך נִישט פרעהלִיך, — אָנדערטהאַלבּען יאָהר נאָך דער חתונה?

סאָניאַ. — אִיהר ווײסט, אַז אִיך זאָג סאַשאַ'ן אַמאָל וועגען דעם, פאַרוואָס אִיז אִיצט בּײַ אונז נִישט פרעהלִיך, — אִיהר געדײנקט, אַבּראַשאַ, ווִי פאַר צוויי יאָהרען, אַ שטײגער, פלעגט בּײַ אונז זײַן פרעהלִיך, — ווײסט אִיהר, וואָס סאַשאַ ענטפערט מִיר? ער זאָגט: וואָס גלײַכסטו — דאַמאָלס בִּיזטו נאָך געוועזען

אַ מעדעל און איך בין געווען דײַן חתן און האָב דיר געדאַרפט געפעלען.

אַבראַשאַ (שרײַבט). — נו, ער איז געוואָרען אַ גאַנצער בעל־הבית׳על, סאַשאַ.

סאָניאַ. — ער שעמט זיך נישט דערמיט. (אַ קורצע פויזע).

אַבראַשאַ (ענדיגט שרײַבען, שטעהט אויף, נעהמט צו דאָס שרײַב־געצײַג פֿוג׳ם עס־טיש און שטעלט עס אַוועק אויף אַ קלײַן טישעל). — אינטערעסאַנט, סאָניאַ: אַז סאַשאַ זאָל אײַך אויפהערען געפעלען, לאָמיר זאָגען. — וואָס איהר דערצעהלט איצט, איז אַ נאַרישקײַט. כ׳מײַן, מײַלאָ וואָס טרעפט זיך אַ צײַט וואָס ס׳איז נישט פֿרעהליך, — נאָר לאָמיר זאָגען, אַז סאַשאַ הערט אײַך אויף אין גאַנצען געפעלען, אַז ס׳ווערט אײַך לאַנג־ווײַליג מיט איהם, — וואָלט אײַך גרינג געווען אַוועקגעהן פֿון איהם?

סאָניאַ (זעצט זיך אויף אויף דער סאָפֿאַ). — וואָס רעדט איהר, אַבראַשאַ, — און דאָס קינד?

אַבראַשאַ. — דאָס קינד וואָלט אײַך נישט געלאָזט?

סאָניאַ. — אַודאַי וואָלט מיר דאָס קינד נישט געלאָזט — אַ לאַנגע צײַט.

אַבראַשאַ. — אַ דאָס האָב איך אײַך טאַקע געפרעגט. ווײַל אידאַ׳ן וואָלט דאָס קינד נישט אָבגעהאַלטען.

סאָניאַ. — אידאַ — אידאַ איז אַנ׳אַנדער מענש.

אַבראַשאַ (שטעהט נעבען טיש, דרעהט פֿערטראַכט דאָס קאַרטעל אין דער האַנד).

אידאַ (קומט אַרײַן מיט גיכע טריט). — אַבראַשאַ — —

אַבראַשאַ (האַקט איהר איבער אין מיטען). — כ׳האָב שוין אָנגעשריבען וועגען דער שטעלע.

אידאַ, — וואָס?

אַבראַשאַ. — וואָס פֿרעגסטו „וואָס״? פֿערשטעהט זיך, איך שרײַב, אַז איך קאָן די שטעלע נישט אָננעהמען.

אידאַ. — פֿאַרוואָס?

אַבראַשאַ (פֿערוואונדערט און אויפגערעגט. — וואָס פֿרעגסטו „פֿאַרוואָס״? וואָס לעבען פֿאַר פֿופֿציג רובל אַ חדש אין דרײַען, מיט אַ קלײַן קינד?

אידאַ. — און אַז דאָס קינד זאָל נישט זײַן!

אַבראַשאַ. — וואָס הייסט, דאָס קינד זאָל נישט זיין?.

אידאַ (גיט אַ קוק אויפ'ן זייגער, וואָס הענגט אויף דער וואַנד). — ס'איז צוויי אַ זייגער, אין אָנדערטהאַלבען שעה אַרום וועל איך פאָהרען.

אַבראַשאַ. — וואָהין וועסטו דאָס פאָהרען, היינט?

אידאַ (געהט צו נעהענטער צו אַבראַשאַ'ן, קוקט איהם אַריין אין די אויגען). — אַבראַשאַ, איך פיהר אָב דאָס קינד אַהיים. (זעהענדיג זיין פערוואונדערט געזיכט). — ס'וועט דאָרט זיין אַ צייט, נו, אַ יאָהר, ביז מיר וועלען עס קאָנען נעהמען צוריק צו אונז.

אַבראַשאַ (געפינט די ערשטע מינוט נישט קיין ווערטער). — וואָס. איך פערשטעה נישט — צוליעב וואָס ווילסטו דאָס טהון, צוליעב דער שטעלע? כ'פערשטעה נישט, אידאַ, וואָס הייסט דו וועסט אָבפיהרען דאָס קינד צו דיר אַ היים, — וואו וועט עס זיין?

אידאַ (רוהיג). — ביי מיין מאַמען און מיין טאַטען.

אַבראַשאַ (רעדט די גאַנצע צייט אויפגערעגט). — און אַז זיי וועלען נישט וועלען? און גלאַט — איך וויל נישט.

אידאַ (פערטראַכט זיך). — זיי וועלען נישט וועלען? זיי וועלען מוזען וועלען, אַבראַשאַ. און דו מוזט אויך וועלען.

אַבראַשאַ. — און אַליין צוליעב וואָס?

אידאַ. — כדי דו זאָלסט קאָנען נעהמען די שטעלע, כדי ס'זאָל דיך נישט פיינינגען דער געדאַנק, אַז דו מוזט אָנקומען צו מיין טאַטען.

אַבראַשאַ (דרעהט זיך אַרום). — נישט דאַרפען אָנקומען, נישט דאַרפען אָנקומען — (שטעלט זיך אָב נעבען אידאַ'ן). — אָבער איך וויל נאָך איצט לײַדען, אַבי נישט פערוואַרפען ערגעץ מיין קינד.

אידאַ (קוקט איהם אין די אויגען אַריין). — און איך?

אַבראַשאַ. — וואָס הייסט — דו?

אידאַ. — איך וויל זיין פריי.

אַבראַשאַ. — און דאָס קינד?

אידאַ — דאָס קינד וועט דאָרט וואַקסען.

אַבראַשאַ. — אָהן דיר?

אידאַ. — כ'וועל עס זעהן — פון צייט צו צייט.

אַבּראַשאַ (דרעהט זיך אַרום אויפגערעגט, צו סאָניאַן). — סאָניאַ, זאָגט איהר עפּעס אַדער — —

אידאַ (רוהיג, צו אַבּראַשאַ'ן). — ווילסט זאָגען, אַז איך בּין נישט ווערט דעם נאָמען מוטער? איך וויל איהם גאָרנישט אָדעם נאָמען, ער גיט מיר גאָרנישט (מיט אַ טרויעריגען שמייכעל). — כ'וויל, אַז דו זאָלסט קאָנען מקיים זיין דאָס, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט,

סאָניאַ (שטעהט אויף און געהט צו אידאַ'ן). — אידאַ, בּעטראַכט זיך! ווי נעהמט מען דאָס אַ קינד. אַנ'אייגען קינד, און מען לאָזט עס ערגעץ איבּער? איך וואָלט עס נישט געקאָנט...

אידאַ. — און איך קאָן עס.

אַבּראַשאַ (געהט צו צו אידאַ'ן און נעהמט זי אָן בּיי דער האַנד ווייך). — אידאַ, טייערע, בּעטראַכט זיך, וואָס דו טהוסט. די מאַמע דיינע איז אַנ'עלטערער מענש, אַ קראַנקע, אָבּגעוואָהנט פון קליינע קינדער, דער טאַטע איז אויך נערוועז, — ווי לאָזט מען בּיי זיי איבּער אַ קליין קינד?

אידאַ (שטעהט מיט אַנ'אַראָבּגעלאָזטען קאָפּ, שווייגט).

אַבּראַשאַ (דרייסטער). — זאָג אַליין, אידאַ, ווי וועט דיר זיין, אַז דו וועסט זיך דערמאַהנען אַלע טאָג אין דיין קינד, וועסטו דען אין דריי טעג אַרום נישט פאָהרען דאָס אָבּנעהמען? בּיזט דאָך פאָרט אַ מוטער, אידאַ, בּיזט דאָך אַ מוטער...

אידאַ (שווייגט ווי פריהער).

אַבּראַשאַ. — ווען וועסטו קאָנען זעהן דאָס קינד, אַז דו וועסט זיין פינף הונדערט וויאָרסט ווייט פון דעם? (ווייך). — זאָג, אידאַ, טייערע, אמת דו וועסט עס נישט טהון, וועסט אַרויסוואַרפען דעם געדאַנק פון קאָפּ? מיר ווילט זיך דען נישט לעבּען אַזוי ווי דיר, אָבּער דאָס קינד — —

סאָניאַ (נעהמט אידאַ'ן אָן בּיי דער האַנד און ציהט זי צו צו זיך, לעבּעדיג). — נו, הער אויף אידאַ, רעדען נאַריש= קייטען. זאָלסט מיר זאָגען אַזאַ זאַך, וואָלט איך דיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגע'נע.

אַבּראַשאַ. — נו, זאָג, אידאַ? מיר וועלען אַזוי אויך לעבּען, מיר וועלען זיך אַרויסדרעהען. וועסט זעהן, ווי ס'וועט זיין גוט...

אידאַ (הויבּט אויף דעם קאָפּ לעגט אַרויף די האַנד אויף אַבּראַשאַ'ס אַקסעל). — ניין, אַבּראַשאַ, איך פיהר אָבּ דאָס קינד.

אַ בּ ר אַ ש אַ . — אידאַ !

אִ י ד אַ (ווייַנט). — אַבּראַשאַ, דוּ פֿערשטעהסט דען נישט, פֿאַרוואָס איך טהוּ דאָס? איך וויל האָבּען מיין אייגענע נשמה, איך וויל האָבּען אין זינען מיין אייגענע נשמה.

אַ בּ ר אַ ש אַ (געהט אַוועק פֿון איהר און קוקט אויף איהר מיט צאָרענדיגע אויגען). — אידאַ, דוּ בּיזט אַ האַרטער מענש!

אִ י ד אַ (מיט אַ קאַלטען שמייכעל). — ס'קאָן זיין. (געהט אַרוים דורך דער טהיר רעכטס).

אַ בּ ר אַ ש אַ (דרעהט זיך אַרוּם אויפֿגערעגט איבּער'ן צימער). — וואָס זאָגט איהר צוּ דעם, סאָניאַ? וואָס איהר מיינט, אַז איך וועל זי לאָזען?

ס אָ נ י אַ . — אַז איך פֿערשטעה עס גאָרנישט — —

אַ בּ ר אַ ש אַ (דרעהט זיך אַרוּם און ענטפֿערט נישט אַ ווייַלע, נאָכדעם שטעלט ער זיך נעבּען סאָניאַ'ן, וועניגער אויפֿגערעגט). — פֿערשטעהן פֿערשטעה איך זי יאָ, אידאַ'ן. זי וויל לעבּען.

ס אָ נ י אַ . — זי וויל לעבּען! איך וויל אויך לעבּען. איהר ווייסט אַליין, אַז איך בּין אויך געוועזען אַ לעבּעדיגער מענש, אָבּער אַז מען איז אַ מוּטער, איז די ערשטע זאַך — דאָס קינד.

אַ בּ ר אַ ש אַ . — געהט גיט עס אידאַ'ן צוּ פֿערשטעהן! (עס איז אַ ווייַלע שטיל. אַבּראַשאַ דרעהט זיך אַרוּם אויפֿגערעגט, נאָכדעם שטעלט ער זיך אָבּ בּיים טיש, נעהמט דאָס קאַרטעל, וואָס ער האָט אָנגעשריבּען, דרעהט עס אַ ווייַלע פֿערטראַכט אין דער האַנד, נאָכדעם צוּרייַסט ער דאָס).

ס אָ נ י אַ . — דאָס קאַרטעל האָט איהר טאַקע צוּריסען? וועט איהר לאָזען אידאַ'ן אַוועק פֿיהרען דאָס קינד? (אויפֿגערעגט, מיט געפֿיהל). — איך זאָג אייך, ווי אַ מוּטער: דערלאָזט עס נישט! בּיי וועמען וועט דאָרט וואַקסען דאָס קינד, וואוּ וועט עס נעהמען אַנ'אַנדער מוּטער?

אַ בּ ר אַ ש אַ (געהט אַרוּם און הערט נישט סאָניאַ'ס רעד, ווי צוּ זיך אַליין). — זי וויל פֿאָרט לעבּען, זי וויל פֿאָרט לעבּען —

ס אָ נ י אַ . — איך וויל אויך לעבּען! איך בּין דען נישט אַזאַ מענש ווי זי? פֿון דעקסטוועגען —

אַ בּ ר אַ ש אַ (פֿערטראַכט). — וואָס זאָגט איהר?

ס אָ נ י אַ . — איך זאָג, אַז אידאַ איז נישט די ערשטע און נישט די לעצטע. איהר וועט זעהן, זי וועט נאָכדעם אַליין בּיינקען נאָכ'ן קינד.

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (פֿערטראַכט). — אידאַ בּײַנקט נאָר נאָך מיר.

ס אָ נ י אַ (לאַכט אויפֿגערעגט). — איך זעה, אַז אידאַ װעט בּײַ אײך אויכפֿיהרען!

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (רוהיג). — כ׳װעל טאַקע אפֿשר נעהמען אַ שטעלע. כ׳װעל דערװײַל אַלײן פֿאָהרען (געהט און זעצט זיך בּײַם טיש און לאָזט אַראָב דעם קאָפּ אויף די הענד).

א י ד אַ (קומט אַרײַן אָנגעטהון, נאָך איהר די דיענסט מיט׳ן קינד, בּײדע לעצטע זענען אויך אָנגעטהון. אידאַ טראָגט אַ קוישעל אין האַנד).

אַ בּ ר אַ שׁ אַ
ס אָ נ י אַ } (צו זאַמען). — אידאַ!

א י ד אַ (שטאַרקט זיך זײַן רוהיג). — אַבּראַשאַ, איך בּעט דיך, האַלט מיך נישט אָב. ס׳איז שוין שפּעט, כ׳קאָן נאָך פֿערשפּעטיגען. אין אַ פּאָר טעג אַרום װעל איך קומען צוריק. כ׳װעל נאָר געפֿינען אַנ׳אַם פֿאַר׳ן קינד.

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (קוקט אויף איהר מיט אַ קאַלטען בּליק, ענטפֿערט איהר נישט; געהט צו צום קינד און גיט עס אַ גלעט. (צו דער דיענסט). — געהט אַװעק מיט׳ן קינד!

ד י ד י ע נ ס ט (פֿרעגט בּײַ אידאַ׳ן מיט די אויגען).

א י ד אַ (געהט צו צו אַבּראַשאַ׳ן). — אַבּראַשאַ, לאָז מיך אָבפֿיהרען דאָס קינד.

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (גיט װידער אויף איהר אַ קאַלטען קוק, צו דער דיענסט). — געהט, טהוט אויס דאָס קינד!

א י ד אַ (לעגט אַרויף די האַנד אויף אַבּראַשאַ׳ס אַקסעל). — לאָז מיך װערען פֿרײַ, אַבּראַשאַ! אויף איין יאָהר, אויף צװײַ, — פֿיער יאָהר האָבּ איך דיך שוין ליעבּ און האָבּ נאָך נישט געלעבּט, — לאָז מיך אַבּיסעל לעבּען.

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (איינגע׳עקשנ׳ט). — דאָס קינד װעט בּלײַבּען בּײַ אונז!

א י ד אַ (שטיל און איבּערצײַגט). — אַבּראַשאַ, איך פֿיהל, אַז דו װעסט מיך פֿערליערען, אויבּ דו לאָזט מיך נישט װערען פֿרײַ, איצט, בּאַלד די מינוט. כ׳קאָן שוין לענגער נישט װאַרטען. אויבּ דו האָסט מיך ליעבּ —

אַ בּ ר אַ שׁ אַ (ענטפֿערט נישט, דרעהט זיך אַבּיסעל אַרום, נאָכדעם שטעלט ער זיך אַװעק מיט׳ן געזיכט צו דער בּאַלקאָן=טהיר).

א י ד אַ. — אַבּראַשאַ!

אַ בּ ר אַ ש אַ (דרעהט זיך אוים צו איהר). — אידאַ, זאָג מיר דעם אֶמת, דו האָסט ליעב דאָס קינד?

א י ד אַ (קוים וואָס זי רעדט אוים, אין די אויגען שטעהען איהר טרערען). — יאָ!

אַ בּ ר אַ ש אַ (קוקט אויף איהר אַ מינוט). — טהו ווי דו ווילסט, אידאַ.

א י ד אַ (ווערט פלוצלונג צוטראָגען, די בעוועגונגען איהרע ווערען נערוועז). — זייַ געזונד, אַבּראַשאַ, זייַ געזונד, סאָניאַ. דו וועסט דאָ נאָך זיין ביז וואַנען איך וועל קומען. איך וועל זיך נישט זאָמען. (צו אַבּראַשאַ'ן). — אַבּראַשאַ, ווילסט געבען אַ קוש דאָס קינד?

אַ בּ ר אַ ש אַ (ענטפערט נישט).

א י ד אַ (לאָזט זיך אַרויסגעהן, די דיענסט מיט'ן קינד נאָך איהר).

ס אָ נ י אַ (געהט נאָך אידאַ'ן אַ פּאָר טריט). — פאָלג מיך, טהו דאָס נישט, אידאַ. איך בין אויך אַ מוטער, איך ווייס: דו וועסט עס נישט אויסהאַלטען.

א י ד אַ (דרעהט זיך נישט אוים צו איהר און געהט גיך אַרוים אין פּאָרהויז).

אַ בּ ר אַ ש אַ (שטעהט ביי דער באַלקאָן=טהיר, שווייגט).

ס אָ נ י אַ (שטעהט אויף איין אָרט און קוקט אויף אַבּראַשאַ'ן מיט רחמנות).

א י ד אַ (קומט אין אַ קורצע ווייַלע אַריין צוריק. דאָס געזיכט איהר'ס דריקט אוים אַנגסט, געהט אַביסעל אַיינגעבויגען, די ליפּען זענען פערקרימט צום וויינען, פאַלט אויף אַ שטול. די ערשטע ווערטער רעדט זי שטיל, וועלענדיג דערשטיקען די טרערען, אָבער נאָכדעם רעדט זי אַלע מאָל העכער, מיט אַ האַלב=וויינענדיגער שטימע). — אָבער ווי פיהרט מען אַוועק אַ קינד אין אַזאַ פערשימעלטע שטוב ווי מיין מאַמעס און מיין טאַטענס שטוב? וואו וועט עס אויפוואַקסען, ווער וועט ווירקען דער ערשטער אויף מיין קינד? נישט איך. אֶפשר וועט מען איהם אין די ערשטע צוויי דריי יאָהר אַ תל מאַכען די נשמה? (צו אַבּראַשאַ'ן). — מיר ווילט זיך נישט. אַז אומרייַנע הענד זאָלען זיך פּאָרען מיט זיין נשמה. מיר ווילט זיך אָבער לעבען אויך! (צו סאָניאַ'ן). — וואָס טהוט מען, סאָניאַ? זאָג מיר, דו ביזט דאָך אַ מוטער! (צו אַבּראַשאַ'ן). — אַבּראַשאַ, טייערער, וואָס טהוט מען?

---

פארהאנג.

## אויסגאַבע „פערלאַגס־ביוראָ", וואַרשאַ.

שלום אַש: שריפטען, I־טער, II־טער און III־טער באַנד. יעדעס 60 ק'.

וויסענבערג א. מ.: שריפטען, I־טער באַנד . . . „ 60

דינעזאָהן י.: וועלט געשיכטע, 4 בענדער. . . . —2 ר'.

אַנדרעיעוו לעאָניד: ערצעהלונג וועגען זיעבען געהאָנגענע . 35 ק'.

כהן א. ז.: יעזוס כריסטוס לעבען . . . . „ 20

טייטש מ.: ליעבע, געזאַמעלטע ליעדער . . . „ 15

נייע צייט: זאַמעל־בוך I־טער, II־טער באַנד . . יעדעס „ 7

„ „ III־טער באַנד . . . „ 15

פּריִלוצקי נח: גאָלדענע פונקען, מאָדערנעס זאַמעל־בוך . . „ 25

אַרענשטיין מאַרק: דאָס אייביגע ליעד, אַ בילד פון אַרביטער לעבען „ 15

טשורני ג.: נאָכ'ן שטרייק, אַ קאָמעדיע אין 3 אַקטען . . „ 15

קאַצענעלזאָהן יצחק: בחורים, קאָמעדיע . . . „ 15

„ „ דעקאַדענט, קאָמעדיע . . . „ 15

שטיינבערג יעקב: די מוטער, דראַמע אין 3 אַקטען . . „ 30

דימאָוו אָ.: שמע ישראל, דראַמע אין 3 אַקטען. . . „ 25

עללען קיי: חתונה און פרייע ליעבע . . . . „ 15

## הויפּט־לאַגער פאָן פאָלגענדע ביכער:

גאָרדין יעקב: גאָט, מענש און טייוועל, דראַמע אין 4 אַקטען . 30 ק'.

„ קרייצער סאָנאַטאָ, דראַמע אין 4 אַקטען. . „ 25

„ סאַפּאָה, לעבענס־בילד אין 4 אַקטען . . „ 25

„ דער אומבעקאַנטער, דראַמא אין 4 אַקטען . „ 30

„ אלישע בן אבויה, דראַמא אין 4 אַקטען. . „ 30

פינסקי דוד: גליקס פערגעסענע, דראַמע אין 1 אַקט . . „ 7

## געשיכטען פון דער פרייהייטס־בעוועגונג אין רוסלאַנד:

ווי אַזוי גערשוני איז אַנטלאָפען פון קאַטאָרגע?

(דערצעהלט פון איהם אַליין) 13 ק'.

ווי אַזוי מיין זוהן איז ניצול געוואָרען פון טוידט? (ס. סאַווינקאָווא) „ 10

ווי אַזוי מען פלעגט בעהאַלטען רעוואָלוציאָנערען (סטעפּניאַק) „ 5

עלף טעג אויף דער פאַנצער שיף פּאָטעמקין

געשריבען פון אַ געוועזענעם אינזשענער־מעכאַניק אויף „פּאָטעמקין" 23 „

ווי מען האָט אַרויסגע'גנב'עט אַרעסטאַנטען פון „פּאַוויאַק" 10 „

מיט בעשטעלונגען זיך צו ווענדען:

Книжн. маг. Б. ШИМИНА, Варшава, Налевки 33.